Wiernik, Bertha.
Gaystige atomen: a
religyeze drama.
New York, 1946.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1876.17

**Wiernik, Bertha, 1884-**
Gaystige atomen : a religyeze drama.
2. oysg.
New York : Y. Grinblat, 1946.
Varying form of title: Spiritual atoms : a religious drama
79 p. ; 18 cm.

1. Yiddish drama.—lcsh
I. United States-New York-New York

ID: NXYH02-B1865 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106117
106117

Reduction ratio X 10.0

# גייסטיגע אַטאָמען

## א רעליגיעזע דראמא

אין אכט סצענעס

פון

## בערטהא וויערניק

צווייטע אויסגאבע




יצחק גרינבלאט, ארויסגעבער
ISAAC GREENBLATT, Publisher
P. O. BOX No. STATION B
NEW YORK 2, N. Y.

# גייסטיגע אַטאָמען

## אַ רעליגיעזע דראמא

אין אכט סצענעס

פון

## בּערטהא וויערניק

צווייטע אויסגאַבּע




יצחק גרינבלאַט, אַרויסגעבּער

ISAAC GREENBLATT, Publisher

P. O. BOX No. STATION B

NEW YORK 2, N. Y.

.1946

Perl
116



# דאַנקזאָגונג.



דער אַרויסגעבער פיהלט זיך פערפליכטעט אויסצודריקען זיין דאַנקבאַרקייט און אַנערקענונג צו מר. אַרטהור שובאַק, וועלכער האָט דורך זיין פערזענליכע אינטערעסע געמאַכט מעגליך דעם אַרויסגעבען פון דיזער נייער פיעסע. מיר האָפען דאָס אונזער אָבשאַצונג פון מר. שובאַק׳ס מיטווירקונג וועט פיעל פערגרעסערט ווערען פון די לעזער פון דיזער דראַמא.

יצחק גרינבלאַט.



# פארווארט.

„גייסטיגע אטאמען" איז א דראמע צום לעזען אזוי גוט ווי צום שפילען. אויף דעם ענגלישען דראמאטישען געביט ערשיינען הונדערטע דראמעס א יאהר בלויז צום לעזען. אזעלכע דראמעס צייכענען זיך אויס מיט זייער געדאנקען און מיט זייער שפראך. אין א דראמע צום לעזען ליגט די גאנצע קראפט אין דער דראמע גופא, ווערענד אין א פיעסע צום שפילען ליגט אויף דעם שוישפילער די ארבייט אנצוטהאן די נשמה פון דער פיעסע אין א קערפער, אין חושים און גלידער.

אין א דראמע צום שפילען ליגט א העלפט פון דער דראמע׳ס ערפאלג אין דעם טאלאנט פון דעם שוישפילער. אין א פיעסע צום לעזען, איז דער ערפאלג פון דער פיעסע געבויט נאר אויף דעם אוטארס טאלאנט.

פאר דעם אידישען טהעאטער פובליקום און אל-געמיינעם לעזער, איז א דראמע צום לעזען א נייע ליטער-ארישע ערשיינונג. צו קאנען אונטערהאלטען א פובליקום אהנע שוישפילער, איז זיכער א שווערע אונטערנעמונג. אבער דער ארויסגעבער פון די „גייסטיגע אטאמען" איז פאלקאם איבערצייגט דאס דיזע פיעסע פערפאסט פון די בעוואוסטע ענגליש-אידישע דראמאטיסטין און שרייבערין בערטהא וויערניק, די שוועסטער פון דעם פערשטארבענעם פרץ וויערניק, ע״ה, וועט געוויס האבען דעם ערפאלג וועלכען עס פערדינט.

„גייסטיגע אטאמען" איז א רעליגיעזע פיעסע מיט א מיסטישען הינטערגרונט. עס איז אויך מיס וויערניק׳ס 23-טע דראמאטישע שאפונג.

דער ארויסגעבער.



# פערזאנען.

יוסף מאמין—פיהרער פון ארטהאדאקסישען יודענטהום אין די מיטעל-מערב שטאאטען פון אמעריקא. (אין פריוואט לעבען, א מיסטיקער).

סימור—זיין זוהן, א רייכער סוחר.

ארנאלד—סימור׳ס עלטסטער זוהן.

שלמה׳לע—זיין צווייטער זוהן.

דוד׳ל—א יתום, אונטער יוסף׳ס השגחה.

שמואל—יוסף׳ס יוגענד-פריינד.

נתן—דער שמש פון יוסף׳ס קלויז.

בערקע—יוסף׳ס משרת.

הערביס מאסס—פרעזידענט פון דער פעראיין „די נייע דענקער".

מייקעל גאלדמאן—סעקרעטער פון דער פעראיין.

פיינבערג—גאלדמאן׳ס פריינד.

ר׳ נחום—אן אלטעטשקער, מיט א שטעקען.

ר׳ משה—ביים סטענדער אין קלויז.

א גרופע תלמידים—קלויז טיפען—אן עולם צו שחרית—דער פערזאנאל פון „די נייע דענקער"—פאלק, א. ז. וו.

---

## קצור פון די סצענעס.

●

**ערשטע סצענע**—סימור׳ס וואוינונג.

**צווייטע סצענע**—יוסף׳ס קלויז.

**דריטע סצענע**—יוסף אין זיין ביבליאטהעק.

**פיערטע סצענע**—א גאס. (צוויי טעג שפעטער).

**פינפטע סצענע**—די זעלבע ווי סצענע 3.
(איין טאג שפעטער).

**זעקסטע סצענע**—דער לאקאל פון "די נייע דענקער".
(פינף שטונדען שפעטער).

**זיבעטע סצענע**—דער הינטערגרונט פון יוסף׳ס וואוינונג
(צוויי טעג שפעטער).

**אכטע סצענע**—די זעלבע ווי סצענע 2.
(דריי טעג שפעטער; לופט-ערשיינונג פון א
שטראם גייסטיגע אטאמען).

**צייט**: דער פרילינג און זומער אין יאהר 1945.

**פלאץ פון האנדלונג**: שיקאגא, איל.

★ ★ ★ ★ ★ ★



## ערשטע סצענע.

—○○—

**סצענע**: די רייך-מעבלירטע וואוינשטוב אין סימור׳ס וואוינונג. רעכטס, זיצט סימור, לעזט א צייטונג. אין שטוהל לינקס, זיצט שמואל. פערטראכט.

* * * *

**סימור.** (לעגט אוועק די צייטונג) שמואל, שוין א פערטעל שטונדע אז איהר זיצט און קלערט. זאגט מיר, פריינד, וועגען וואס טראכט איהר?

**שמואל.** וועגען דער איצטיגער לאגע פון אונזערע ברידער אין איירָאפא. עס יאגען זיך בלוטיגע וואלקענס איבער די הימלען פון דער אלטער וועלט, און שטיל, ווי מיט קעצעשע טריט שארט זיך פון דארט א פארגעפיהל פון פערניכטונג און אונטערגאנג.

**סימור.** גאט ווייס וואס פון מיין פאטער און פאמיליע וואלט געווארען, ווען ער אנטלויפט ניט פון דייטשלאנד מיט צעהן יאהר צוריק.

**שמואל.** אייער פאטער זארגט פיל מער וועגען די צוקונפט פון די אידען אויף יענער זייט ים, ווי וועגען זיין איצטיגען טרויעריגען צושטאנד.

**סימור.** איך ווייס עס. אבער די זארג און מיה פון איין מענש קאן ניט פערמיידען דעם אונגליק וואס דער שיקזאל האט בעשטימט פיר אלעמען.

**שמואל.** דעם מענשען'ס גייסטיגע שטרעבונגען און דעם שיקזאל'ס בעשטימונגען זיינען שטענדיגע געגנער. מיט די הילף פון גאט קאן דער מענש ענדערען זיין שיקזאל, אויב דער דאזיגער מענש גלויבט מיט אן אמת אז גאט קאן און וועט איהם העלפען.

**סימור.** (שטעלט זיך) איהר קאנט ניט געפינען צווישען טויזענדער אידען אזא גלויביגער ווי מיין פאטער. און זעט וואס דער שיקזאל האט פון אים געמאכט. צוגענומען זיין ליבע פרוי, געטויטעט זיין ערשטען זוהן אין דער מלחמה, און פאראליזירט זיין לינקע האנט.

**שמואל.** און דאך איז ר' יוסף'ס לעבען גאנץ און פול. און דאך זינגט זיין נשמה אין זיינע געזונטע גלידער. זיינע טיפזיניגע דרשות ברענגען הונדערטע נייע צוהערער אין זיין קלויז. ער ווערט יעצט בעטראכט אלס איינער פון די גרעסטע תלמידי-חכמים וואס דייטשלאנד'ס האט געבראכט אין דער געבענטשטער לאנד פון פרייהייט. זיין איינפלוס ברענגט צוריק די אנטלאפענע פון היגען יודענטהום.

**סימור.** ריכטיג. נאך א לאנגע דערוויטערונג פון אידיש-קייט, קום איך אויך צוריק מיט דער איבערצייגונג אז דער טראדיציאנעלער יודענטהום איז דער איינציגער שליסעל צו דער טיר פון אונזער עקזיסטענץ. (זיצט).

**שמואל.** יא, די טיר פון גלייכגילטיגקייט וועלכע אונזערע ברידער האבען אויפגעבויט צו פערמאכען דעם



אריינגאנג צו אונזערע הייליגקייטען.

**סימור.** (שטעלט זיך) (ציהט זיין אוהר) שוין פינף דער זייגער און ארנאלד איז נאך ניטא פון קאלעדזש. (שפרייזט) איך בין זעהר בעזארגט וועגען מיין עלטסטען זוהן. איך בעמערק יעצט א גרויסע ענדערונג אין זיינע בעציהאונגען צו מיר און צו זיין פאמיליע.

**שמואל.** די ענדערונג איז א גאנץ נאטירליכע. ארנאלד מאכט יעצט זיין ערשטען ארויסטריט אין דער וועלט. מאכט זיינע ערשטע פערבינדונגען מיט וועלטליכע פראבלעמען און אידעען.

**סימור.** זיכער, זיכער. (זיצט).

**שמואל.** (שטעלט זיך) אלזא, מיט אידישע פראבלעמען און אנשאואונגען איז ער גאנץ אונבעקאנט. אבער א יונגער מאן מוז האבען אידעען און אנשאואונ-גען. אויב ער האט ניט קיין אייגענע, נעהמט ער אן פרעמדע, און זיי, די פרעמדע אידעען, פראדוצירען די ענדערונגען.

**סימור.** אבער איך קאן זיי ניט פערטראגען. זיי אטהעמען מיט פעראכטונג צו מיר און צו מיין פאטער. נאך א גליק וואס מיין פאטער האט איהם גרינדליך אויסגעלערענט אונזער גלות-שפראך, ווען ניט, וואלטען זיי יעצט ניט געקאנט רעדען א ווארט איינעם מיט'ן צווייטען.

**שמואל.** האט איהר ערווארטעט עס זאל וואס וואקסען, ווען איהר האט גאר ניט פערזייהט?

**סימור.** מיין זוהן איז יונג און פרישע ווארצלען לאזען זיך

לייכט אַרויסרייסען. גראַדע מאַכט זיך מיר יעצט אַ געלעגענהייט אַרויסצורייסען די פרעמדע וואַרצלען וואָס מיין זוהן האָט אין זיך איינגע־פלאַנצט.

**שמואל.** (זעצט זיך) איהר מאַכט מיר נייגעריג. (עס הערט זיך טריט).

**סימור.** אייער נייגעריגקייט וועט באַלד בעפרידיגט ווערען. (אויפטריט אַרנאָלד מיט זיין הוט אין האַנט)

**אַרנאָלד.** העלאָו, פאָטהער. (געהט צום טיהר).

**סימור.** העלאָו, דאַרלינג סאָן. וואַרום בעגריסטו ניט אונזער אַלטען פריינד?

**אַרנאָלד.** אה, יעס. איך האָב אייך ניט בעמערקט. העלאָו, שמואל. (גיט איהם די האַנט).

**שמואל.** וואָס מאַכסטו אַרנאָלד. שוין איבער אַ חודש אַז איך האָב דיר ניט געזעהן. ווערסט העכער און שעהנער וואָס פון טאָג.

**אַרנאָלד.** איך דאַנק אייך פיר אייער קאָמפּלימענט, פריינד שמואל.

**שמואל.** וואו זיינען דיינע ביכער? טראָגסט דאָך זיי שטענדיג מיט זיך.

**אַרנאָלד.** ענטשולדיגט מיר, שמואל. איך אייל זיך זעהר. (פערנייגט זיך. געהט לינקס).

**סימור.** איין מינוט, אַרנאָלד. איך וויל מיט דיר עפּעס רעדען. זעץ דיך.

**אַרנאָלד.** (אונוויליג) אָלל-רייט. ווהאָט איז איט? (זיצט).



**סימור.** (ציהט אַרויס אַ קאָנווערט פון בוזים-טאַש). איך האָב געפונען דיזען בריף אין היינטיגען פּאָסט. ווען איך האָב דערזעהן ווער עס האָט דיר געשיקט דעם בריף, בין איך געוואָרען אַזוי איבערראַשט דאָס איך האָב פון אַנגסט דעם בריף געעפענט.

**אַרנאָלד.** עס איז זעהר ניט אַנשטענדיג צו עפענען יעמעס׳ם אַ בריף. ווי קומסטו צו טאָהן אַזאַ זאַך פאָטער?

**סימור.** דאָס איז יעצט ניט די פראַגע. וואָס מיר אינטער־עסירט צו וויסען איז—ווען ביזטו געוואָרען אַ חבר מיט "די נייע דענקער"?

**שמואל.** וואָס הער איך?

**אַרנאָלד.** (שמייכעלט). נאָך מיט פינף מאָנאַטען צוריק.

**סימור.** דער בריף ענטהאַלט אַן איינלאַדונג צו דעם צעהנטען יאָהרעס-פעסט פון דיזער אַטהעאיס־טישער און ראַדיקאַלער פעראַיין. אַרנאָלד, איך וויל ניט אַז דו זאָלסט געהן צום דאָזיגען פעסט.

**אַרנאָלד.** (רוקט נערוועז דעם שטוהל). פאָטער, איז דאָס אַ בעפעהל?

**סימור.** ניין, מיין זוהן. עס איז אַ ביטע. דיין צייטווייליגע פערבינדונג מיט דיזער פעראַיין וועט בלייבען אַ געהיימניס.

**אַרנאָלד.** (שטעלט זיך). צייטווייליג?

**סימור.** ווען דיזע געהיימניס וועט ענדעקט ווערען וועט עס פיהרען צו אַן עפענטליכען סקאַנדאַל.

**ארנאלד.** (לאכט). וואיי?

**סימור.** ווייל דו ביזט דער אייניקעל פון יוסף מאמין, וועלכער איז יעצט דער אפיציעלער פיהרער פון די ארטהאדאקסישע אידען אין מעריב-אמעריקא. מר. מאסס, דער פרעזידענט פון דיין פעראיין איז דיין זיידען'ס עפענטליכער שונא און האט איהם שוין פיעל מאהל אטאקירט אין זיין געלע וואכענשריפט. פערשטעהסטו ניט אז צו האבען דיר אלס מיטגליד אין זיין פעראיין איז דער גרעסטער זיעג פאר מר. מאסס? פאר דיין זיידען אבער, מיינט עס פערראטה! עפענטליכע געגנערשאפט פון זיין אייגענע בלוט. און דאס איז צו וואס מר. מאסס ציעלט. ער וועט אם ענדע דיר ארויסשטעלען אלס א פעררעטהער צו דיינע אייגענע ברידער און צו דיין זיידען. דערפאר פערלאנג איך אז דו זאלסט ניט געהן צום פעסט פון די "נייע דענקער".

**ארנאלד.** פאטער, איך דענק אז דו פערשטעהסט ניט דעם אונטערשייד צווישען קריטיק און שנאה. מר. מאסס און זיינע מיטגלידער קריטיקירען רעליגיאן אין אלגעמיין, קריטיקירען זיי אויך יוסף מאמין'ס רעליגיאן.

**סימור.** ווי שענדליך דו בעפלעקסט זיך און דיין זיידע מיט אזעלכע ווערטער! קריטיקירען רעליגיע—א נייע וועלטליכע בושה!

**ארנאלד.** (געהט לינקס). וואס פיר א רעאקציאנער דו ביזט פאטער. דיינע געדאנקען געהערען צו דער פארשימעלטער, פערגאנגענער וועלט.



**סימור.** שווייג, דו נארר!

**שמואל.** (שפרינגט אויף אלע ווייל פון ערשטוינונג). שרעקליך! שרעקליך!

**ארנאלד.** (ווייכער). לאז זיך רעדען פאטער. אמעריקא איז א נייע וועלט און די פעראייניגטע שטאאטען איז א יונגע לאנד וואס לאזט ענטוויקלען נייע געדאנקען. מיר האבען אין דיזען לאנד פרייע פרעסע, פרייע רעדע און פרייע מיינונגען. ווארום זאלען מיר דיזע פרייהייטען ניט בענוצען און מיט זייער הילף פערניכטען די אלטע שעדליכקייטען אין דער מענשליכער געזעלשאפט?

**סימור.** אט דאס איז דער גרעסטער אונגליק וואס אונזערע אייגענע און פרעמדע שונאים ניצען אוים דיזע גאלדענע פרייהייטען פיר שלעכטע צוועקען. אויסניצען פרייע רעדע צו פערשפרייטען פערניכטונג, ראסען-האס און קלאסען-קאמפף, מיינט די פערוואנדלונג פון דער ברכה פרייהייט אין א קללה. די שונאים פון רעליגיע און פון ערפאלג און די שונאים פון דער רעגירונג געהען געוועהנליך האנט אין האנט. דער וועלכער איז אונטריי צו גאט איז אויך אונטריי צו זיין לאנד. נאר גענוג וועגען דעם. איך ווידערהאל מיין ביטע אז דו זאלסט ניט געהן צו דעם פעסט פון די "נייע דענקער".

**ארנאלד.** ליידער קאן איך דיין ביטע ניט ערפילען. פליז, פאטהער, גיב מיר מיין בריף. מען וועט מיר ניט אריינלאזען צום פעסט אהן די צייגענים פון דיזען בריף.

**סימור.** ניין, דער בריף בלייבט ביי מיר.

**ארנאלד.** פאטער, צווינג מיר נים צו פערלירען מיין רעספעקט פאר דיר.

**סימור.** מיר פאלגען די וועלכע מיר רעספעקטירען.

**ארנאלד.** אין יעדען מאן'ס לעבען קומט א צייט ווען ער וויל מעהר נים ווערען דיקטירט פון זיין פאטער.

**סימור.** (געקרענקט). ארנאלד!
(אויפטריט שלמה'לע. שטעלט זיך נעבען שמואל'ן).

**ארנאלד.** איך וועל פאזיטיוו געהן צום פעסט און איך פארלאנג מיין בריף.

**סימור.** אט צוריים איך שוין דעם בריף אויף שטיקלעך.
(שמואל שטעלט זיך. שלמה'לע, הינטער איהם).

**ארנאלד.** דאנ'ט פאטהער, אויב דו וועסט דיזען בריף צורייסען וועסטו — — וועסטו —

**סימור.** (הייזעריג). וועל איך—וואס?

**ארנאלד.** וועסטו חרטה האבען!

**סימור.** (מיט וועהטאג). איך?. . .איך וועל חרטה האבען? ווארום? וואס וועסטו מיר טאהן? דו, מיין זוהן, וואס וועסטו מיר טאהן? וואס? — (פאלט אויף'ן שטוהל, דער בריף פאלט ארוים פון זיין האנט — סימור הויבט עס אויף און לויפט ארוים פון צימער)

**שלמה'לע.** (לויפט צום פאטער). פאפא! וואס האט פאסירט? דערצעהל מיר, דערצעהל מיר. (וויינט. שמואל פיהרט איהם ארוים מיט געוואלד. פויזע).



סימור קומט צו זיך. זוכט דעם בריף. ענטווישט שפארט ער אן דעם קאפ אויף'ן ראם פון שטוהל. שלמה'לע קעהרט זיך שטיל צוריק און בעריהרט לייכט סימור'ן).

**סימור.** (האסטיג). ארנאלד! — אה, שלמה'לע. (ציהט איהם צו זיך).

**שלמה'לע.** טאטע, וואס קומט פאר צווישען דיר און ארנאלד?

**סימור.** ביזט צו יונג צו פערשטעהן.

**שלמה'לע.** טו דערקלער מיר, וועל איך פערשטעהן. איך בין שוין באלד 12 יאהר אלט.

**סימור.** מען דארף קינדער נים דערצעהלען וועגען די שלעכטע זאכען וואס ערוואקסענע מענשען טהוען. זיי וועלען שפעטער אליין אויסגעפינען.

**שלמה'לע.** ווייסט, פאפא, איך האב רחמנות אויף ארנאלד'ן.

**סימור.** יא?

**שלמה'לע.** עפעס לעבט ער אזוי ווי ער וואלט געווען אליין אויף דער וועלט, און וויל נים ליידען ווען מען רעדט צו איהם.

**סימור.** אבער מיט דיר רעדט ער גאנץ אפט.

**שלמה'לע.** נאך מעהר ווי צו מיר רעדט ער צו זיך אליין. איך האב זיך איינמאל בעהאלטען הינטערן טיהר פון זיין צימער און געהערט ווי ער האט זיך אליין געפרעגט: "פון וואנען קומען מיר און וואוהין

געהען מיר?״ איך בין אריינגעלאָפען און איהם געפרעגט ביי וועמען פרעגט ער די פראַגע, האָט ער מיר געענטפערט אז — — אז —

**סימור.** (נייגעריג). אז? — —

**שלמה׳לע.** אז יעדער מענש פרעגט זיך אליין אָט די פראַגע טויזענד מאָהל אין זיין לעבען, און אז יעדער דענקענדער מענש ענטפערט די פראַגע אויף זיין אויפ׳ן. אָבער העהר וואָס איך האָב איהם געענטפערט.

**סימור.** וואָס מיין קינד?

**שלמה׳לע.** אז ווען ער וועט קומען אויף דער אמת׳ער וועלט וועט דער בורא אליין איהם געבען דעם ענטפער אויף דיזער פראַגע.

**סימור.** (קושט איהם). האָסט איהם געגעבען דעם אמת׳ן ענטפער. נאָר דער בורא אליין קאָן ענטפערען דיזע פראַגע.

**שלמה׳לע.** אַח יעס, פאַפּאַ, איך האָב גאָר פערגעסען. איך וויל דיר וואָס ווייזען. (ציט אַרויס אַ צוקנייצטען בויגען פאַפּיר פון קעשענע). איך האָב נעכטען אָוועגד געפונען דיזען פאַפּיר אונטערן פענסטער פון אַרנאָלד׳ס צימער. די האַנדשריפט איז זיינע. אָבער איך קאָן עס ניט לעזען.
(יוסף קוקט אַריין דורך׳ן פענסטער לינקס)

**סימור.** (גרייפט האַסטיג דעם פּאַפּיר). וואָס שרייבט ער דאָ? (לעזט אין דערהויך). ״די מענשהייט אליין האָט בעשאַפען רעליגיע און עס פערוואַנדעלט אין דעם גלויבען אין אַ געהיימע קראַפט. און די מענשהייט האָט אויסגעקלערט אַ כשוף׳דיגען נאָמען פאַר דיזער ניט־עקזיסטירענדער קראַפט־בעשעפער! דער נאָמען מיט וועלכע די מענשהייט האָט זיך אליין (שטעלט זיך) פער׳שכור׳ט.



(לעזט שנעלער). אונזער גרויסער לערער מאַסס דערקלערט אַז די איינציגע און אמת׳ע קראַפט אין יוניווערס איז די נאַטור. נאָר זי ווייזט אונז דעם ״ווי״, דעם ״וואו״ און ״וואָס״ פון אַלע ענדעקטע זאַכען. (צוטראָגען). אָבער די נאַטור זאָגט ניט אַיין וואָרט וועגען דעם ״וואַרום״ פון אַלעס וואָס עקזיסטירט. זי זאָגט נים, ווייל — ווייל עס איז ניטאָ קיין ״וואַרום״. ווייל אַלץ איז צייט־ווייליג, צוועקלאָז און פערגעהט ... (לעזט ווייטער מיט אַ ציטערענדע שטימע). אַזוי איז אויך דעם מענשען׳ס גלויבען אָהן אַ זין, אָהן אַ צוועק — עס איז געקומען און וועט פערגעהן ... (זיינע בליקען וואַנדערן איבערן צימער). מיין גאָט, וועלכע ווערטער, יוסף מאַמין׳ס אייניקעל אַ גאָט־לעסטערער! קיין אַנדער מענש טאָר דיזען שריפט ניט זעהן. עס מוז מאָמענטאַל פערניכטעט ווערען, דאָ אין צימער. (לויפט צום שאַך־טישעל לינקס). גרויסער נאַרר, די נאַטור אליין איז דאָך אויך אַ בעשאַפונג פון גאָט!

**שלמה׳לע.** (לויפט אים נאָך). טאַטע, וואָס איז מיט דיר? זעהסט אויס אַזוי שרעקליך.
(יוסף בעטרעט דעם צימער אונבעמערקט פון ביידען).

**סימור.** איך מוז דיזען פאפיר שוין פערברענען. און קיינער אויסער דו און איך טאר ניט וויסען אז איך האב עס געטאהן, און אויך ניט אז דיין ברודער האט וועט געשריבען אזעלכע ווערטער. מיר מוזען אויף אייביג שווייגען וועגען דעם.

**שלמה׳לע.** געווים טאטע, וועלען מיר שווייגען.

**סימור.** (ציהט ארויס א סיגארעט-אנצינדער און צינד אן דעם פאפיר לאזענדיג עס פאלען אויף׳ן שאך-טישעל). גיכער-פערשלים די טיהר.

**שלמה׳לע.** (קערט זיך אום. א פרייד בעלייכט זיין פנים). טאטע! זעה ווער עס איז דא! דער זיידע — מיין טהייערע זיידע! (לויפט צו יוסף׳ן און קושט זיין רעכטע האנט. שטעלט איהם א שטוהל).

**סימור.** (פערשטעלט דעם שאך-טישעל מיט זיין רוקען. פרובירט מיט די הענט דערשטיקען די פלאמען). ברוך-הבא, ליעבער פאטער. דיין קומען צו מיר ברענגט פרייד אין מיין הארצען און ליכט אין מיין הויז.

**יוסף.** (זעצט זיך). דו נויטיגסט זיך יעצט אין ביידע, מיין זוהן. היט זיך סימור, דו וועסט נאך פערברענען די הענט. זאל דאס פאפיר אין גאנצען פערברענט ווערען. אזעלכע געדאנקען מעגען אוועק געהן מיט׳ן פייער.

(סימור און שלמה׳לע קוקען איהם אן איבערראשט. און)

**די סצענע פערגעהט.**

—oo—



## צווייטע סצענע.

—oo—

(אויף מארגען נאכמיטאג).

* * * *

**סצענע:** יוסף׳ס קלויז. די בענק זיינען בעזעצט מיט בעזוכער וועלכע קוקען אריין אין ספרים. אין הינטערגרונט, נעבען ארון קודש ברענט א מנורה. אין פארגרונט רעכטס א לאנגער טיש ארום וועלכען עס זיצען א גרופע תלמידים אין עלטער פון 17 ביז 21 יאהר. אויבען אן ביי דעמזעלבען טיש זיצט דוד, לינקס, שטארק פערטראכט. ער שלאגט אפ מיט זיין שעהנער פערזענליכקייט. אין פארגרונט לינקס, א הויכער סטענדער אויף וועלכן עס ליגט אן אפענער תנ״ך. אין מיטן וואנט רעכט, א הויכע פלאטפארמע אויף וועלכען עס שטעהט א טיש מיט א פאטערליכען שטוהל. דער טיש איז בעדעקט מיט א פלושענעם טיש-טוך. אין קלויז הערשט א הייליגע שטילקייט. דורך די אפענע פענסטער לינקס שיינען אריין די שטראלען פון דער פערגעהענדער זון.

**ר׳ משה.** (ביים סטענדער). הייליגע שריפטען, אייערע אייביגע ווערטער אטהעמען מיט סודות. וואס מעהר איך קאנצענטריר מיינע געדאנקען אויף אייך, אלץ דייטליכער און ליכטיגער ווערט מיר די אויפקלעהרונג וועגען דעם מענשען׳ס צוועק אויף דער ערד.

**א תלמיד.** (בײם לאנגען טיש). עס איז פאראן אין דעם מענש א געהײמע קראפט װאס טרײבט איהם צו דערגרײכען יענע העכסטע מדרגות פון װעלכע ער איז נאך אזױ װײט.

**א 2-טער תלמיד.** לאנג, לאנג פאר תורת משה האט שוין די װעלט געגלױבט אין גאט.

**ר' משה.** אמת. אמונה האט זיך אנגעפאנגען מיט אדם הראשון. װער קלערט אין דעם מענשען? װער רעדט אין איהם? װער קוקט דורך זײנע אױגען? די אײגענשאפטען פון בורא.

**א 3-טער תלמיד.** (מאכט צו זײן ספר). ספרים, זײ לערנען, זײ דערצעהלען, זײ פרובירען דערקלערען, אבער זײ שליכטען נים די אײביגע רעטעניש פון לעבען.

**דוד.** שװײג, דו נאר. דער מענש װעט קײנמאל נים בעגרײפען די װעלט אין איהר גאנצקײט.

**ר' משה.** (קוקט אויף די תלמידים מיט ליבשאפט). יונגע תורה-טרעגער. איהר זײט דאך דער װיכטיגסטער עלעמענט אין דער אידישער געזעלשאפט. איהר האלט אויף אונזער עקזיסטענץ װײל אונזער מאכט ליגט אין אונזער אמונה. האט אין זינען אט דעם פאקט. דאס לעבען אויף דער ערד פרעגט נים קײן פראגען און גיט נים קײן ענטפערס. עס איז פאראן א העכערעס לעבען אין אונבעגרײפליכען רוים. נאר אונזער נשמה דערגרײכט יענעם שטח...װײל פון יענעם שטח קומט זי צו אונז.

(אריפטריט ר' נחום, 60 יאהר אלט. ער טראגט א הוט מיט א ברײטען ראנד, װי אויך א שטעקען).



**ר' משה.** (געהט איהם אנטקעגען). שלום עליכם, ר' נחום, אן אמת'ער גאסט.

**ר' נחום.** עליכם שלום, משה. שוין געװארען א ביסעל שװערלעך דער געהן. אז די בײנער פאנגען אן רעדען בלײבט מען שטעהן, הע, הע, הע.

**ר' משה.** װאס פיר א שפראך רעדען די בײנער, ר' נחום?

**ר' נחום.** די בײנער רעדען די רהומאטישע שפראך און מײנע בײנער רעדען אט דעם לשון זעהר געלויפיג. אפילו װען איך שלאף שװײגען זײ אױך נים און איך כאפ זיך אויף פון זײערע קולות.

**ר' משה.** (נעהמט איהם בײם האנט). זעצט אײך בײ יענעם טיש. איהר האט דאך ליעב די יונגװארג.

**ר' נחום.** א שעהנעם דאנק אײך, ר' משה. אבער צוערשט װיל איך זעהן װאס מאכט אונזער טהײערער ר' יוסף. שוין צװײ װאכען איהם נים געזעהן.

**ר' משה.** געהט געזונטערהײט. איך װעל אײך בעגלײטען צו זײן טיר. (פיהרט איהם אין הינטערגרונט).

**ר' נחום.** (שטעלט זיך אפ און בעטראכט דעם עולם). קײן עין הרע א גרויסער עולם הײנט אין קלויז. אידען קומען צוריק צו דער תורה. שװער צו פערגעסען א לעהרע װעלכע מען טראגט אין זיך שוין פון טויזענדער יאהרען. שװער צו װערען פערפרעמדט פון דעם...עס ציהט, עס רופט און מען קומט צוריק, הע, הע, מען קומט צוריק. (עפענט די טיר און פערשװינדט. פויזע).

**דוד.** (מיט דראַמאַטישע פלעצליכקייט). אה, ווען איך וואָלט נאָר געקענט ענטפלעקען די שמערצליכע פערלאַנגונגען פון מיין נשמה צו אַן אַנדער נשמה.

**אַ לערנער.** דענקענדע מענשען דעפּאַטירען דאָס לעבען מיט זייער אייגענע נשמה.

**דוד.** (פערקלערט). אייביגע אמונה, מיר ליעבען דיר און פערגעסען דיר. מיר ענטלויפען פון דיר, און קומען צוריק צו דיר. מיר טהוען דיר אָן אין טויזענדער קליידער, מיר שטעלען דיר פאַר אין הונדערטע געשטאַלטען, אָבער דו לעבסט אַריבער אַלע ענדערונגען און דו ערשיינסט פאַר אונז ווידער אין דיין בעצויבערענדען געשטאַלט און שעהנהייט, אָנגעטאָהן אין דיינע נאַטירליכע קליידער: אין די סודות פון דיין געוועלטיגקייט איבער דעם מענש.

**אַ תלמיד.** געוועלטיגקייט...פון וואַנען קומט עס?

**דוד.** (קוקט סטאַר אין דער לופט). אָט זעה איך ווידער די קעטען פון וואָלקענס, די קראַנצען פון ליכט־בלומען טאַנצענדיג אין דער לופט. (שטעלט זיך, געהט לינקס, אייניגע געהען איהם נאָך). הערט מיך אוים איטליכער. נעכטען פונקט אום האַלבע נאַכט—האָב איך געהאַט אַ חלום.

**2-טער תלמיד.** אהאַ. שוין דער צעהנטער חלום זיינער. (לאַכט צו די תלמידים. זיי קוקען איהם אָן מיט בייזע בליקען).

**דוד.** ווען איך האָב ערוואַכט, האָב איך דערפיהלט מיט מיינע הושים אַזוי גוט ווי מיט מיין שכל דעם אמת



וואָס דער וואונדערליכער חלום האָט ענטהאַלטען. (טרעט פאָרווערטס. דראַמאַטיש). איך זעה אַ סצענע טויזענדער מיילען ווייט, און דאָך האָב איך די סצענע כמעט ווי אָנגעריהרט מיט מיינע הענט. אַ שיף געמאַכט פון ווייסע וואָלקענס איז פּלוצלונג ערשינען אויף׳ן נאַכט־ים פון דער וועלט—אויף׳ן טיף־בלאָען הימעל. די שיף איז געטריבען געוואָרען פון פאָרפיומטע ווינטען און איז געווען בעלויכטען פון מיליאַרדען שטערן.

**3-טען תלמיד.** מיליאַרדען שטערן!

**דוד.** די שיף האָט געזעגעלט מיט די שנעליגקייט פון אַ בליץ און דאָך אָהן שום רויש, לאָזענדיג הינטער זיך ליכט־פאַסען פון הונדערטע קאָלירען, וועלכע האָבען זיך פאָרמירט אין קראַנצען פון ליכט־בלומען און האָבען פערזיסט מיט זייער ריח דעם גאַנצען הימעלס־רוים.

**4-טער תלמיד.** ווי גרוים איז דער הימעלס־רוים?

**דוד.** פּלוצלונג האָט זיך די וואָלקען־שיף אַראָפּגעלאָזט נאָהענט צו דער ערד. אויף׳ן דעק פון שיף זיינען ערשינען טויזענדער מלאכים וועלכע האָבען געטראָגען אויף זייערע פליגלען אַ לאַנגען גאָלדענעם בריק. (די בחורים קוקען זיך אָן). עס האָט פּלוצלונג אַ בליץ געטאָהן ווי מיט הונדערט זונען, און דער גאָלדענער בריק אָנגעטאָן אויף זילבערנע קעטען האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. אין ווייניגער ווי אַ סעקונדע זיינען די מלאכים און די שיף פערשוואונדען אין דער טיפעניש פון דער נאַכט. דערנאָך — —

**איינגע שטימען.** דערנאך?

**דוד.** (טרעט מעהר פארוועדטס). דערנאך האט מיר א מלאך אויפגעהויבען און מיר אראפגעלאזט אין דערמיט פון גאלדענעם בריק. דער מלאך איז פערשוואונדען און מיינע אויגען האבען דערזעהן א גרויסען טאן געמאכט פון בריליאנטען.

**אלע.** בריליאנטען ! !

(נאך איינגע בחורים נעהערען זיך צו דוד'ן).

**דוד.** אלע קאלירען אין דער וועלט האבען זיך געשפיגעלט אין דעם טאן. אין דערמיט פון טאן איז וואס געלעגען אנגעטאהן אין א ווייס-אטלאס מענטעלע, בעזעצט מיט דימאנטען.

**אלע.** דימאנטען ! !

**דוד.** פלעצליך האט זיך אראפגעלאזען אויף'ן מיטען בריק א הויכער סטענדער געמאכט פון הוילע רובינען.

**איינגע.** רובינען ! !

**דוד.** דער בריליאנטענער טאן האט זיך פון זיך אליין אויפגעהויבען און זיך אראפ געלאזט אויף דעם רובינענעם סטענדער. דאס בריליאנטען-בעזעצטע מענטעלע האט פון זיך אליין זיך ארונטער-געצויגען, און איך האב דערזעהן — — די תורה !

**אלע.** (שטעלען זיך אויף). די תורה ! !

**דוד.** (נעהערט זיך צום פארגרונט). פון זיך אליין האט זיך די תורה פערנאנדער געוויקעלט. יעדער אות האט זיך פערוואנדעלט אין א שטראהל. עס האבען זיך



פלוצלונג בעוויזען טויזענדער כרובים מיט פידלען. זיי האבען אנגעפאנגען שפילען און טויזענדער מלאכים האבען זיך צוטאנצט אין וועלט-רוים. עס איז ערשינען א רעגענבויגען אויף וועלכען עס האבען געפינקעלט די פאלגענדע פלאמען-קאלירטע ווערטע: "אט אזוי פייערט די אייביג-קייט דעם געבורט פון דער תורה". (א הייליגע שטילקייט פאלגט. דוד געהט לינקס). איך האב זיך אויפגעכאפט און דערזעהן אז עס טאגט שוין. (צו די פערזאמעלטע). פערשטעהט איהר אלע דעם בעדייטונג פון מיין חלום? די תורה האט געבראכט דעם טאג אויף דער וועלט...ליכט, ליכט, די תורה ברענגט ליכט ... (אלע שטעהען ווי פער'כשופ'ט).

(אויפטריט בערקע מיט ראש).

**בערקע.** וואס איז דא, הא? וואס שטעהט איהר עפעס אלע אין איין קופע הא? וואו איז נתן? עס איז דאך שוין מנחה-צייט. אלץ לאזט ער אויף דער לעצטער מינוט. (קיינער ענטפערט ניט).

(אויפטריט נתן. בעטרעט די בימע).

**נתן.** (גיט א קלאפ אין עמוד). מיר וועלען דאווענען מנחה.

**אלע.** "אשרי יושבי ביתך — — — — — —" (עס דונקעלט אין פאדערסטען טהייל פון ביהנע. אין הינטער-גרונט פערגעהט די וואנט און עס לאזט זיך לאנגזאם אראפ א בריק אויף קעטען, בעלויכטען מיט פאנטאסטישע ליכט).

די סצענע פערגעהט.

——oo——

## דריטע סצענע.

סצענע: יוסף'ס ביבליאטהאק צימער. די לבנה-שיין שטראמט אריין דורך דעם דאך-פענסטער, און בעלייכט די גלעזערנע פאליצעס וועלכע פאר-שטעלען די ווענט. אין וואנט לינקס א מיטעלטיר. אין וואנט רעכטס. נאך א טיר און א פענסטער. אין פארגרונט לינקס, א טיפער ווינקעל אין וועלכן עס שטעהט א קינסטליך געשניצטער זייגער מיט א הויכען קאפ געמאכט פון מירמעלשטיין. אין מיטען צימער, נעבען א טהייערען שרייב-טיש. בעלייכטען פון אן עלעקטרישען לאמפ זיצט יוסף. ער שיינט צו זיין אין א היפנאטישען צושטאנד. אין צימער רוהט א הייליגע שטילקייט. ווייטע מוזיק טענער פער'כשוף'ען די סצענע.

**יוסף.** (דענקט). איז דער מענש א שליה פון גאט.
האט דאך זיין שליחות ניט קיין סוף.
איז דער מענש א משרת פון גאט,
האט דאך זיין בעדיענונג ניט קיין סוף.
איז דער מענש א זוכער פון גליק —
לאזט איהם גאט זוכען טאג און נאכט —
איז דער מענש דער קעניג פון ערפאלג —
האט דער שיקזאל איבער איהם ניט קיין מאכט.
(פויזע). שטילקייט פון דער נאכט, איך האב דיך ליעב. דו ברענגסט מיר געטליכע געדאנקען, דו פערטרייבסט פון מיר דעם רויש פון מיין טעגליכען דאזיין. (שטעלט זיך. געהט צום זייגער. נעהמט ארויס פון קאפ א רונדע קעסטעלע, שטעלט עס אויף'ן טישעל נעבען זייגער. (דענקט). אלע שלאפען שוין, קיינער וועט מיר יעצט ניט שטערען. (עפענט דאס קעסטעלע).



(אויפטריט דוד. בלייבט שטעהן נעבען טיהר).

**יוסף** (רעדט שטיל). שטויב פון מיינע ספרים. שוין דריי יאהר אז איך זאמעל אייך אין דיזער קעסטעלע. איהר ענטהאלט בלויז דעם אנפאנג פון מיין טהעאריע. איך וויל בעווייזען אז איהר בעזיצט יעצט עטוואס גייסטיגעס, ווייל איהר האט אין זיך אריינגעצויגען קליינע טהיילכעלעך פון די געדאנקען וועלכע געפינען זיך אין מיינע ספרים. איך וויל בעווייזען אז דעם פערפאסער'ס געדאנקען לעבען אין דעם בוך אין וועלכען זיי זיינען געבונדען, דערפאר ווירקען זיי אויף דעם לערנער אדער לעזער וועלכער קומט מיט זיי אין גייסטיגען בעריהרונג. (בעגט זיך איין איבערן קעסטעלע. זיין געזיכט ווערט בעלויכטען. גלייכט זיך אויס און שפרייזט איבערן צימער. דוד רוקט זיך טיעפער אין צימער. יוסף דענקט). אבער דער עיקור, פון וואס בעשטעהען די מענשליכע געדאנקען און ווי קומען זיי צו אונז? אט די פראגן וויל איך מיט מיין טהעאריע ענטפערען. (שפרייזט שנעלער). ווי וועט די וועלט עמפפאנגען מיין טהעאריע? וועט זי עס אויסלאכען ווי זי לאכט אוים אין אנפאנג אלע טהעאריעס וואס ווערען אט ענדע ווירקליכקייטען? זאל געשעהן וואס עס וויל, אבער די צייט נעהערט זיך ווען איך מוז מיין טהעאריע ענטפלעקען. (געהט רעכטס). צווערשט אבער, מוז איך עס ענדעקען צו איין מענש. ווער און וואו איז אט דער איין מענש? (זעצט זיך ביים שרייב-טיש. פויזע).

**דוד.** (נעהערט זיך). ר׳ יוסף — —

**יוסף.** ווער איז דא? ווער רעדט עס?

**דוד.** איך — אייער דוד.

**יוסף.** (צופרידען). מערקווירדיג, איך האב ניט דערקענט דיין שטימע. ווען ביזטו אריינגעקומען?

**דוד.** (נעהערט זיך). אונגעפעהר מיט א פינף מינוט צוריק.

**יוסף.** און דו האסט געהערט וואס איך האב גערעדט?

**דוד.** יעדען ווארט, ר׳ יוסף. עפעס האט מיך יעצט אויפגע־וועקט און ווי מיט אן אונזעבארע האנט אריינגע־פיהרט אהער. האט איהר פערדרוס ווארום איך האב געהערט וואס איהר האט גערעדט?

**יוסף.** יא און ניין.

**דוד.** (טהוט א לאף צו איהם). אה, ר׳ יוסף, מיין ערציהער. מיין לעהרער. מיין וועגווייזער. ווי טהייער דאס לעבען איז ביי יעדען מענש, זייט איהר ביי מיר נאך טויזענד מאהל טהייערער.

**יוסף.** איך וויים עס. זעי׳ן דיך.

**דוד.** (זיצט). ווי נויטיג עלטערען זיינען פאר קינדער, זייט איהר נאך פאר מיר טויזענד מאהל נויטיגער. יעדען טאג טהו איך תפילה צו הקדוש־ברוך־הוא פאר דעם חסד וואס ער האט מיט מיר געטאן און מיר אלס קינד געבראכט אונטער אייער דאך.

**יוסף.** (גלעט דוד׳ס קאפ). אויך דאס וויים איך.



**דוד.** וואו וואלט איך געפונען נאך אזא דענקער ווי איהר זייט, נאך אזא חריף און חקרן? ווי די זון הענגט אין הימעל אזוי הענגט אייער חכמה פאר מיינע אויגען און בעלייכט מיר די וועגען אויף וועלכע איך געה.

**יוסף.** און וואו, וואו וואלט איך געפונען נאך אזא פיהלע־זאפישען משורר ווי דו ביזט? דיינע שירים בעצויבערען מיר.

**דוד.** (שטעלט זיך). און ווער, ר׳ יוסף, וויים אזוי פיעל רוחניות׳דיגע סודות ווי איהר ווייסט? אפט ווען איך בין מיט אייך אליין און בעטראכט אייך פון ווייטען, דאכט זיך מיר אז אויף אייער פנים שיינט א פרעכטיגע ליכט, די ליכט וואס שלאגט אפ פון אייער נשמה.

**יוסף.** ווען האסטו לעצטענס געזעהן די דאזיגע ליכט אויף מיין פנים?

**דוד.** פריהער, ווען איהר זייט געשטאנען ביים קעסטעלע שטיב. איהר האט דאן אויסגעזעהן ווי א מענש וועלכער טראגט אין זיך א סוד וועלכען גאט אליין האט איהם פערטרויט.

**יוסף.** (שטעלט זיך). ש—ש—היט זיך וואס דו רעדסט. (כאפט דוד ביים האנט און לויפט מיט איהם צום קעסטעלע). בעג זיך איין איבערן קעסטעלע. (דוד פאלגט איהם. זיין געזיכט זועדט בעלויכטען). יא, מיין טהעאריע איז ריכטיג! ווען א הויך־דענקענדער מענש בעגעגענט נאך א הויך־דענקענדען מענש דערקאנען זיי זיך אן די ליכט פון זייערע נשמות. (בעטראכט אים מיט פורכט).

יאָ, עס איז אזוי גוט ווי זיכער! דו ביזט דער מענש וועלכען איך דאַרף יעצט. דיר האָט דער השם יתברך צו מיר געשיקט מיט פופצעהן יאָהר צוריק, ווייל עס איז אין הימעל פאָראויסגעזעהן געוואָרען די איצטיגע שטונדע. — —

**דוד.** אין וועלכע איך וועל שטעהן, פנים אל פנים מיט אַ שליח פון די גייסטיגע וועלטען!

**יוסף.** (סודות׳דיג). דו ווייסט? דו פערשטעהסט?... (נאַטירליך). אָט דאָס איז טאַקע יעדער דענקער, קינסטלער און וויסענשאַפטסמאַן (געהען צום שרייב-טיש). אַ שליח פון די גייסטיגע וועלטען, נאָר די אונגלויביגע ווילען דיזען הימלישען אמת ניט אַנערקענען. (זעצען זיך).

**דוד.** פילע גלויביגע האַלטען אַז פהילעזאָפיע און וויסענשאַפט שטרעבען אָפּצושוואַכען אמונה.

**יוסף.** ניין, זיי זיינען בלויז די מיטלען צום צוועק. זייער אויפגאַבע איז צו ענדעקען די עלעמענטען וועלכע שטעלען צוזאַמען דעם בורא׳ס בעשאַפונגען. אָבער זייערע מאַטעריעלנע מיטלען צום צוועק קאָנען ניט אַרבייטען אָהן די הילף פון גייסטיגע ענערגיע. (שטעלט זיך און שפּרייזט איבערן צימער). דער גרויסער סוד איז ווי פערבינדט זיך מעכאַנישע ענערגיע מיט גייסטיגע ענערגיע? ווי זיי בינדען זיך אָפּ ווייסען מיר שוין. דער טויט צושיידט ביידע קרעפטען.

**דוד.** ר׳ יוסף, איך העהר אין דיזע מינוט ווי אַן אָנזאָג אַז — — אייער טהעאָריע האָט געננג קראַפט צו



שטעלען די גאַנצע וועלט אונטער אייער השפעה — ווייל איהר אַליין אַרבייט אונטער דעם איינפלוס פון דער, געטליכער השפעה.

**יוסף.** (געטראָפען). ווי קומט צו דיר דיזער געדאַנק? האָט זיך עס דיר גע׳חלום׳ט?

**דוד.** ניין, מיין טהייערער לעהרער, איך זעה עס אויף׳ן וואָהר.

**יוסף.** (קוקט אויף דוד׳ן מיט פער׳חלום׳טע בליקען). (דענקט). ווידער העהר איך מיט מיין שכל די שטימע פון מיין נשמה. זי זאָגט: "פערטרוי זיך אין איהם. בעדייך איהם אַלס דער ערשטער תלמיד פון דיין טהעאָריע. ער וועט זיך פעראייביגען. (זעצט זיך). דוד, די אונזיכבאַרע האַנט וואָס האָט דיר יעצט אַריינגעפיהרט אין מיין צימער האָט עס געטאָן מיט אַ ציעל. דו ביזט דער אויסערוועהלטער פאַר וועמען איך וועל ענדעקען מיין טהעאָריע — דערפאַר ביזטו יעצט געקומען צו מיר. גייסט ציהט צו גייסט מיליאָנען מאָהל שטאַרקער ווי עס ציהט זיך צו מאַטעריאַל — און מיין טהעאָריע איז אַ גייסטיגע. יעצט העהר מיך אויס מיט דיין שכל. (שטעלט זיך הינטער דוד׳ן. פאַנטאַסטישע ליכט פאַלט אויף זיין פיגור. דוד בלייבט אין שאַטען). אין אַ געוויסען טאָג האָבען וויסענשאַפטס לייט ענדעקט אַז אַלע וועלט-קערפּערס אין מאַטעריעלנעם יוניווערזום בעשטעהען פון מיקראָפישע טהיילכעלעך וועלכע קאָנען שוין מעהר ניט געטהיילט ווערען.

**דוד.** (שטיל). קאָנען שוין מעהר ניט געטהיילט ווערען.

**יוסף.** אז דיזע אונטהיילבארע טהיילכעלעך בעזיצען א כעמישע ענערגיע וועלכע קאן פערניכטען דעם ערד־קוגעל אין איין טאג. די ענדעקער האבען דיזע אונטהיילבארע טהיילכעלעך א נאמען געגעבען — אטאמען.

**דוד.** (שטיל). אטאמען!

**יוסף.** ווייסען מיר יעצט אז אלע גשמיות'דיגע קערפערם וואס גאט האט בעשאפען בעשטעהען פון אונטהיילבארע טהיילכעלעך.

**דוד.** ווי שכל'דיג דאס קלינגט.

**יוסף.** (בעלויכטען מיט בלויע ליכט). אבער די אטאמען קאנען ניט זיין טהעטיג אהן די הילף פון גייסטיגע ענערגיע, אהן דעם שכל וואס פיהרט די וועלט. און דער שכל קומט פון בורא. שטעלט זיך די פראגע ווארום ענטפלעקט פאר אונז דער בורא די צושיידונג פון רוחניות און גשמיות און ניט זייער פערבינדונג.

**דוד.** זייער פערבינדונג?

**יוסף.** (בעלויכטען מיט גרינע ליכט). קום איך מיט מיין השערה און זאג אז דער בורא ענטפלעקט יא זייער פערבינדונג, נאר מיר האבען נאך ניט ענדעקט פון וואס רוחניות בעשטעהט פונקט ווי מיר האבען טויזענדער יאהרען ניט געוואוסט אז אלע מאט־עריעלע קערפערם בעשטעהען פון כעמישע אטאמען. (עס ווערט פינסטער אויף'ן ביהנע). טרעט איך ארוים אין דער וועלט אהן מורא און אהן צווייפעל און דערקלער אז איך האב ענדעקט דעם עלעמענט פון וואס רוחניות בעשטעהט.



**דוד.** (שעפצעט). ר' יוסף, ר' יוסף —

**יוסף.** (ערשיינט אין מיטען צימער אין א צירקעל פון אמבערליכט). אין די אונדערגרייכבארע הויכ־קייטען וועלכע דעם מענשען'ס אויגען וועלען קיינמאל ניט זעהן און זיינע הענט וועלען קיינמאל ניט מעסטען בעוועגען זיך די גייסטיגע וועלטען. אום דער מענש זאל האבען דעם בעוואוסטזיין פון די גייסטיגע וועלטען שיקט דער בורא ארונטער מיליאנען, מיליארדען גייסטיגע טהיילכעלעך פון וועלכע די גייסטיגע וועלטען בעשטעהען און אט די אונצעהלבארע טהיילכעלעך זיינען די **גייסטיגע אטאמען** פון רוחניות! זיי ערגרייכען בלויז דעם מענשען'ס מוח און פארמירען זיינע געדאנקען, און דורך דיזע געדאנקען, איז דער מענש געקומען צו דעם בעוואוסטזיין פון גאט! — און צו דעם גלויבען אין די פארטזעצונג פון זיין גייסטיגען לעבען אין די גייסטיגע וועלטען. (די ביהנע ווערט פערפלייצט מיט קאלירטע בעלייכ־טונגען. זיין שטימע הילכט איבערן ביהנע). פהילעזאפען, פאעטען, קינסטלער, וויסענשאפטס־לייט, ערפינדער—רינגעלט מיר ארום מיט אייערע שריפטען, מיט אייערע כללים, מיט אייערע קונסטווערק, מיט אייערע אינסטרומענטען; מיט אייער נארוואס ערפינדונגען — זיי זיינען אלע די שאפונגען פון מענשליכע געדאנקען, און דעם מענשען'ס געדאנק בעשטעהט פון **גייסטיגע אטאמען.**

(יוסף'ס פיגור ערשיינט אין דער הויך אין הינטערגרונט. אונטער איהם שטעהט א גרויסע קופע מענשען וועלכע קוקען ארויף צו איהם. אין דער ערשטער רייהע פון די מאסע מענשען וועלכע שטעהען העכער פון די אנדערע, ערשיינען דאקטוירים אנגעטאהן אין ווייסען, פהילעזאפען מיט זייערע ביכער, אן אסטראנאם מיט זיין טעלעסקאפ, א מאן מיט א לופט־שיפעל, נאך איינער מיט א טעלעפאן, א מאלער מיט א פאליטרע און פינזעל, א. ז. וו. עס הערט זיך די שאלען פון טרומפייטען, דעם ריטמישען קלאנג פון גלעקער, דאס שפילען פון הארפען. העכער איבער אלעם הערט זיך יוסף'ס שטימע). דעם מענשען'ס געדאנקען בעשטעהען פון גייסטיגע אטאמען ... גייסטיגע אטאמען ... און מיט די גייסטיגע אטאמען פערבינדט דער בורא עולם רוחניות מיט גשמיות! מוזיק אקאמפאנירט דעם ספעקטאקעל און דער

**פאהראנג פאלט לאנגזאם.**





## פיערטע סצענע.



(איין טאג שפעטער. נאכמיטאג).

* * * *

**סצענע:** א זייטיגע געסעל ביים ברעג פון א קליינעם פארק. רעכטס א פארקאן וואס פערצאמט דעם אריינגאנג צום פארק. לינקס, אין הינטערגרונט, דער אנפאנג פון א רייהע הילצערנע הייזער. אין פארגרונט, לינקס און רעכטס, צוויי גרויסע בוימער. נעבען יעדען בוים, א באנק. רעכטס, ניט ווייט פון פארקאן, אן עלעקטרישער לאמפ. עס הערט זיך די פיפצען פון פויגעלעך. אויפטריט דוד פון רעכטס, מיט א שרייב־העפט און בליישטיפט. געהט מיט לאנגזאמע טריט און לעזט פון שרייב־העפט.

וועלכער דיינקער קאן לעזען דיזע הידה:

מיין לעבען איז א געדונגענער,
מיין טויט איז א געצוואונגענער,
נאר מיין ליבע צו גאט איז אייביג ווי די וועלט.
מיין יוגענד איז א גע'פטר'טער,
מיין עלטער איז א פער'מאטערטער,
נאר מיין גלויבען אין גאט איז שטארקער פון דער וועלט.

(געהט אב לאנגזאם ווידערהאלענדיג די ווערטער "מיין לעבען איז א געדונגענער. מיין טויט איז א געצוואונגענער" (זיין שטימע פערגעהט).

(פויזע. אויפטריט ארנאלד און מייקעל גאלדמאן).

**גאלדמאן.** איך בין איבעררראשט פון דיין פאטער'ס האנדלונג, ארנאלד. איך האב איהם קיינמאל ניט געזעהן אזוי איפגערעגט ווי נעכטען. (זעצען זיך אויף'ן באנק).

**ארנאלד.** איך האב שוין לאנג ערווארטעט דעם אויסברוך פון מיין פאטער. ער געהט צוריק אנשטאט פארווערטס. ער האט זיך לעצטענס אין גאנצען געענדערט אין זיינע אנשאואונגען און בענעהמונגען. מיט איין מאהל איז ער געווארען אזוי קאנסערוואטיוו און זאגאר — פרום.

**גאלדמאן.** (לאכט). אפשר ריכט ער זיך אויף עולם-הבא.

**ארנאלד.** איך דענק אז זיין ענדערונג קומט פון דעם וואס ער איז לעצטענס געווארען מעהר אינטים מיט מיין זיידען. ער איז פון איהם געווען אין גאנצען פארפרעמדט, באלד ווי מיר זיינען געקומען אין דיזען לאנד.

**אלדמאן.** איך האב דיין זיידען קיינמאל ניט בעגעגנט, אבער איך האב פיעל געהערט וועגען איהם פון אונזער פיהרער מר. מאסס. ער האט מיר געזאגט אז דיין זיידע איז א דענקער, נאר א פאנאטישער דענקער.

**ארנאלד.** ניט אזוי פאנאטיש; ווי מאדנע און זאנדערבאר. זיינע מיינונגען און בעטראכטונגען זיינען טויזענד יאהר אלט. זאגאר די איצטיגע טעגליכע פראבלעמען זוכט ער צו שליכטען מיט אלטע מעטאדען.

**אלדמאן.** צום ביישפיל?



**ארנאלד.** צום ביישפיל דעם איצטיגען פראבלעם וועגען פאלעסטינא. זאגט מיין זיידע אז ציוניזם דארף זיין א רעליגיעזע בעוועגונג און ניט קיין פאליטישע, ווייל אידען זיינען אן אמונה און ניט קיין נאציאן.

**גאלדמאן.** אן אמונה? אבער אמונה מוז און וועט אונטערגעהן.

**ארנאלד.** ער זאגט אז דאס וואס אידען האבען אריינגעבראכט פאליטיק אין דער בעוועגונג האבען זיי אין גאנצען דער'שלאגען דעם ציוניזם. און הערט דיזען זאנדערבארען פראיעקט. ער זאגט אז די אידען פון דער גאנצער וועלט דארפען יעצט שטרעבען אויפצובויען דעם דריטען בית המקדש אין פאלעסטינא, אנשטאט צו בויען דארט א שטאאט. בעזעצען אידען ווידער אין פאלעסטינא קאן נאר — משיח.

**ארנאלד.** הא, הא, הא, נאך גלויבט ער אין משיח, הא, הא, הא. ווירקליך צו בעוואונדערען איהם. און בויען א דריטען בית המקדש — דארף מען דאך האבען שלמה המלך'ס אוצרות דערצו, ניין? הא, הא, א דריטען בית המקדש.

**ארנאלד.** אין זיין פערזענליכען לעבען איז מיין זיידע פאר מיר א רעטעניש און שיינט צו זיין ארומגערינגעלט מיט סודות. איינע פון זיינע סודות בעציהט זיך אויף א קעסטעלע שטויב, וואס ער האלט בעהאלטען אין דעם קאפ פון דעם גרויסען זייגער אין זיין ביבליאטהעק.

**גאלדמאן.** מערקווירדיג אינטערעסאנט.

**אַרנאָלד.** איך האָב איהם איינמאָהל געפונען שטעהענדיג נעבען זייגער און רעדענדיג צו דער קעסטעלע. אַט די ווערטער: „שטויב פון מיינע ספרים — איהר האָט אין זיך לעבען, ווייל איהר האָט אין זיך אַריינגעצויגען קליינע טהיילכעלעך פון די געדאַנקען וועלכע געפינען זיך אין מיינע ספרים".

**גאָלדמאַן.** (מיט פרייד). אויסערגעוועהנליך. אַרנאָלד, דו ווייסט, זיין ערקלערונג האָט אין זיך עטוואָס — עטוואָס וואָס וועט שטאַרק פאַראינטערעסירען אונזערע מיטגלידער. וואו זאָגסטו געפינט זיך דאָס קעסטעלע?

**אַרנאָלד.** אין דעם קאָפּ פון זייגער וועלכער שטעהט אין אַ ווינקעל.

**גאָלדמאַן.** איך וועל דאָס קעסטעלע בעקומען און עס ברענגען צו אונזער פעסט. (שטעלט זיך).

**אַרנאָלד.** (שטעלט זיך). טהו עס ניט גאָלדמאַן, פיליייכט פאַסירט וואָס מיט'ן קעסטעלע, וועט מיין זיידע האָבען גרויס פערדרוס.

**גאָלדמאַן.** וואָס קאָן פאַסירען? באַלד נאָך'ן פעסט וועל איך עס דיר אָפּגעבען צוריק און דו וועסט עס נאָך דעמזעלבען אָוונד אַריינשטעלען צוריק אין זייגער.

**אַרנאָלד.** איך וואָלט געוועזען מעהר צופרידען ווען דו טהוסט עס ניט. (ביידע געהען רעכטס).

**גאָלדמאַן.** וואָס שרעקסטו זיך אַזוי? איך גיב דיר מיין וואָרט אַז נאָכדעם ווי מר. מאָסס וועט עס צייגען צו די פערזאַמעלטע און דערקלערען וועגען דעם



אינהאַלט פון קעסטעלע, גיב איך עס דיר גלייך צוריק.

**אַרנאָלד.** אויף זיכער?

**גאָלדמאַן.** זיכער! זיכער! (ביידע אָב).

## פערוואַנדלונג.

—oo—

## פינפטע סצענע.

—oo—

(דריי טעג שפעטער נאָך האַלבען טאָג).

* * * *

**סצענע:** יוסף'ס ביבליאָטהעק. דורך דעם גלעזערנעם דאַך שיינט אַריין די שטראַהלען פון דער זון. יוסף זיצט נעבען זיין שרייב-טיש.

**יוסף.** (דענקט). דוד איז יעצט מיין נעגענוואָרט און מיין צוקונפט. ווי אַ מלאך האָט ער אויסגעזעהן יענע נאַכט אין וועלכע איך האָב איהם ענדעקט מיין טהעאָריע. ווי אַ בת-קול האָט געקלונגען זיין שבואה אַז ער וועט זיין מיין נאָכפאָלגער אין די פערשפרייטונג פון מיין טהעאָריע. אויף זיין פּנים האָט גערוהט די שטילקייט פון ארון-קודש און די פייכטקייט אין זיינע אויגען האָט געגלאַנצט ווי פליסיגע גאָלד. זיין פאַרלאַנג אַז איך זאָל מיין טהעאָריע אויך פערטרויען אונזער פריינד שמואל האָב איך אויף מאָרגען אויסגעפאָלגט. ווי גליקליך

איז דער מענש וועלכער האט אזעלכע צוויי פריינד.

(מען קלאפט לייכט אין טיהר. אויפטריט שמואל).

**שמואל.** (טראגט איינינע צייטונגען אונטערן ארעם. געהט צו יוסף'ן מיט אויסגעשטרעקטער האנט). וואס מאכט איהר, ר' יוסף. שוין דריי טעג איך ניט געזעהן.

**יוסף.** (געהט איהם אנטקעגען). זייט געבענטשט, מיין פריינד. (זיי זעצען זיך). שמואל לעגט די צייטונגען אויף'ן שרייב-טיש). וואס זאגען עפעס היינטיגע צייטונגען?

**שמואל.** די סענסאציע פון טאג איז רבי שראדער'ס דרשה וועגען רעליגיעזע פראפאגאנדע. זיין שארפע קריטיק וועגען דיזער נייער ערשיינונג אין אונזער לעבען רופט ארויס בעוואונדערונג.

**יוסף.** יא, מיר לעבען יעצט אין א צייט ווען זאגאר רעליגיע ווערט פראפאגאנדירט אזוי ווי עס וואלט געווען א סאציאלע אדער פאליטישע בעוועגונג. ווען האבען דאס אידען פראפאגאנדירט וועגען השם-יתברך און וועגען אונזער תורה? מען איז זיך מפקיר געווען פאר בײדען שטילערהייט. די תורה איז אונז געגעבען געווארען צום לערנען, ניט צו מאכען סענסאציעס וועגען איהר. אנשטאט די שטילע, פרומע און פערטראכטע דענקער ווי אונזערע אמאהליגע רעליגיאנס-לעהרער זיינען געווען, האבען מיר היינט פילע מלמדים וועלכע זיינען גרינדליכע אגיטאטארם און דעמאגאגען,



וועלכע לערנען זייערע תלמידים אונזער תורה מיט דעם נוסח פון ראדיקאליזם.

**שמואל.** וואס פיר א פייערדיגען אמת איהר האט יעצט געזאגט, ר' יוסף.

**יוסף.** זיי פערזיכערען די עלטערען פון זייערע תלמידים, אז זיי, די לעהרער, זיינען "פרומע סאציאליסטען" און זאגאר "פרומע קאמיוניסטען" און מיט דיזע ערקלערונג זיינען זיי יוצא פאר בײדע צדדים: פאר די פרומע פון וועלכע זיי מאכען חוזק שטילערהיים, און פאר די ראדיקאלען, וועלכע זיינען די שונאים פון די פעהיגע און ערפאלגרייכע. אט די נייע רעליגיעזע פראפאגאנדיסטען פער־שטעהען ניט אז אמונה מיט ראדיקאליזם וועלען קיינמאהל ניט געהן האנט אין האנט.

**שמואל.** ניין, קיינמאהל ניט.

**יוסף.** ניט דערפאר ווייל זיי זיינען זיך בײדע שונאים, נאר ווייל איינער פון די צוויי איז דער שונא. אמונה האט ניט קיין שנאה. זי רופט ניט צום קאמפף, צו פערניכטונג, צו בלוט-פערגיסונג. אמונה קלאסי־פיצירט ניט און צוטהיילט ניט. אמונה איז א גייסטליכע פערקערפערונג וואס געהט זיך רוהיג איהר וועג און טהיילט אוים צו דער מענשהייט גייסטליכע מתנות זא ווי ליעבע, גערעכטיגקייט, רחמנות און שלום.

**שמואל.** ניט אלע מענשען קאנען אבשאצען דעם ווערטה פון אמונה'ס מתנות.

**יוסף.** (שטעלט זיך). קאמפף, האס און קריעג וועט קיינמאהל ניט ברענגען די גאולה. ווייל פערניכטונג איז א מאטעריעלנע טהעטיגקייט. די גאולה וועט זיין א גייסטיגע פאסירונג. ווען דער מענש וועט קומען צו דעם בעגריף, וועט ער אויפגעבען קריעג, קלאסען־קאמפף און ראסען־האס און וועט אנפאנגען שטרעבען צו גייסטיגע רייכטהימער, ווי חכמה און לעהרע. אט צו יענע צייטען פיהרט אונז דער בורא מיט אמונה אלס אונזער וועגווייזער. (פויזע).

**שמואל.** ר׳ יוסף — —

**יוסף.** יא, מיין פריינד. מיר האבען זיך אזוי פעררעדט —

**שמואל.** אז איך האב כמעט פערגעסען וועגען וואס איך בין יעצט צו אייך געקומען.

**יוסף.** (זעצט זיך). איהר מאכט מיר נייגעריג.

**שמואל.** ביי סימורן אין הויז איז א גאנצע איבערקערעניש.

**יוסף.** איהר מיינט וועגען ארנאלד׳ן?

**שמואל.** איהר ווייסט שוין?

**יוסף.** אז מיין אייניקעל איז געווארען א טהעטיגער מיטגליד ביי ״די נייע דענקער״. זעצט פארט, מיין פריינד.

**שמואל.** דיזער קרומער שריט האט פעראורזאכט א קריעג צווישען פאטער און זוהן און ארנאלד איז נעכטען אוועק פון דער היים.

**יוסף.** פרידען קאן זיך ניט לאנג אויפהאלטען אין די הארץ פון א גאטלאזען מענשען.



**שמואל.** סימור איז קראנק פון פערדרוס, ניט אזוי וואס ארנאלד איז אוועק, נאר פון מורא אז די פאסירונג וועט פערעפענטליכט ווערען אין מאסס׳ם צייטונג. די שנאה צווישען אייך און מאסס איז דעם לעזער גוט בעקאנט.

**יוסף.** די שנאה איז דאך נאר פון זיין זייט, פון אייביג אן האסען די אונגלויביגע די גלויביגע, פונקט ווי דער שוואכער האסט דעם שטארקען אדער ווי דער אונפעהיגער האסט דעם פעהיגען. דער שוואכער ווייס אז ער וועט דעם שטארקען קיינמאהל ניט בייקומען,—האסט ער איהם. און וואס טהוט דער שטארקער? ער האט אויף איהם רחמנות. אזוי טהוט אויך אמונה. זי האט רחמנות אויף דעם אונגלויביגען.

**שמואל.** ״די נייע דענקער״ פייערען היינט אווענד זייער פינפטען יאהרעס־פעסט. אייער זוהן איז זיכער אז ארנאלד וועט דארט זיין.

**יוסף.** (קוקט אין דער ווייטקייט). געהט גלייך אריבער צו סימור׳ן און זאגט איהם אז ארנאלד וועט היינט אווענד זיין צוריק אין דער היים.

**שמואל.** (שטעלט זיך). איך לויף שוין אנזאגען סימור׳ן די בשורה. (גיט איהם די האנט). זייט געזונט, איך וועל אייך מארגען זעהן.

**יוסף.** (קוקט איהם אין געזיכט). געהט געזונטערהייט. מיר האבען נאך פיעל צו רעדען וועגען מיין השערה.

**שמואל.** דענקען נאך מעהר ווי רעדען. (אב שנעל).
(אויפטריט דוד אין גאס־קליידער. ער מאכט שטיל צו די טיהר).

**יוסף.** (בעמערקט איהם מיט פרייד). שוין צוריק פון דיין שפאציר, דוד.

**דוד.** (טהוט אוים זיין מאנטעל און הוט און טהוט אן זיין יארמעלקע). איך בין נאר געגאנגען ביז דעם קונסט-מוזעאום. עס איז היינט זעהר הייס אין דרויסען. (געהט צו די ספרים לינקס, און ציהט ארוים א גמרא). מיר האבען נאך דריי שטונדען צו מנחה.

**יוסף.** דוד, מיר וועלען זיך היינט זעצען לערנען ווען די לבנה וועט פערגעהן.

**דוד.** (רוקט אריין די גמרא). א שאד אבצוקירצען די צייט פון לערנען.

**יוסף.** אמת, מיין טהייערער תלמיד, אבער איך האב היינט א וויכטיגע שליחות דורכצופיהרען.

**דוד.** (נעהערט זיך). און ווי אלע מאהל וועט איהר מיר ערלויבען אייך צו העלפען.

**יוסף.** (מילד). זאל עס דיר ניט פערדריסען, טהייערער דוד, אבער מיין איצטיגען אויפטראג מוז איך דורכ-פיהרען אליין.

**דוד.** (ערשטוינט). אליין? אהן מיין בעגלייטונג?

**יוסף.** יא, נאר דעם איין מאהל. זיי אזוי גוט און ברענג מיר מיין הוט און מאנטעל. (דוד אב). טהייערער דוד, עס פערדריסט איהם ווארום ער קאן מיר דעם מאל ניט בעגלייטען. איך וועל איהם אין קורצען פער-ניטיגען פיר זיין פערדרוס. (דוד קערט צוריק



און טהוט אן יוסף'ען זיין הוט און מאנטעל). פערזאמט אייך ניט צו לאנג ר' יוסף. איך וועל זיין אונרוהאיג ביז וואנען איהר וועט צוריק קומען, ווייל איהר געהט אליין.

**יוסף.** זיי גאנץ רוהאיג, דוד. גאט וועט מיך היטען. (קושט דוד'ן און געהט צום טיהר).

**דוד.** (פאלגט איהם נאך). געהט געזונטערהייט און קומט געזונטערהייט. (יוסף אב. דוד נעהמט ארוים דעם תהילים פון צווישען די ספרים. זעצט זיך נעבען יוסף'ס שטול. קוקט אין תהילים). "למנצח לדוד מזמור — צו דעם דער-שטארקט אין געזאנג, וואר איין געזאנג פאר דוד—" (דענקט). פערטיפט און פערהוילען איז דוד'ס נשמה אין תהילים. און ווען מיר פאנגען אן זאגען תהילים קלאפט זי מיט איהרע פליגלען אויף אונזערע מחשבות און טראגט אונז אוועק אין די וייטע מקומות. (שטעלט זיך אין פרעסט דעם תהילים צו זיין ברוסט). ווען איך זאג תהילים דאכט זיך מיר אז איך שטעה פנים אל פנים מיט דעם אונגליקליכען קעניג פון דאס אידישע פאלק, אז איך העהר זיין שטימע דורך די דערוייטערונגען פון דער וועלט — "למנצח לדוד מזמור", — (געהט צום זייגער. לעגט דעם תהילים אויף'ן טישעלע, נעהמט ארוים דאס קעסטעלע שטויב. עפענט עס). מיין רבי איז גערעכט, איהר ענטהאלט אין זיך לעבען — —

(אויפטריט גאלדמאן. קוקט אין אלע זייטען. בעמערקט דוד'ן. מאכט הויך צו די טיהר).

**דוד.** (טרעט אפ פון טישעל). ווער זייט איהר? וואס פארלאנגט איהר?

**גאָלדמאַן.** ווער איך בין איז פאַר דיר נים נויטיג צו וויסען. זאָג מיר נאָר וואו איז מר. מאַמין.

**דוד.** ער איז ניטאָ אין דערהיים. ער וועט באַלד קומען. וועגען וואָס דאַרפט איהר איהם? (קוקט איהם אָן).

**גאָלדמאַן.** נים איהם דאַרף איך. (זוכט מיט די אויגען איבערן צימער. קוקט אָן דוד'ן). איך דענק אַז דו ביזט דוד, יוסף מאַמין'ס ליעבלינג.

**דוד.** פון וואַנען ווייסט איהר מיין נאָמען?

**גאָלדמאַן.** (שמייכעלט). ביזט אַ שעהנער בחור, נאָר ווען דו טראָגסט נים די פאות'ן וואָלסטו געוועזן נאָך שעהנער. און ווען דו שאָקעלסט זיך נים ביים דאַוונען אָדער דו וואָלסט בעסער אין גאַנצען נים געדאַוועט, וואָלסטו געוועזן — —

**דוד.** (מוטהיג). איהר זייט אַ גרויסער עזות-פּנים און אַ חוצפּה'ניק אַז איהר רעדט אַזוי צו אַ פרעמדען מענשען אין זיין אייגענער היים.

**גאָלדמאַן.** דיין היים? איך האָב געהערט אַז מר. מאַמין איז דיין אַפּעקון און אַז — —

**דוד.** וואָס געהט עס אייך אָן. זאָגט מיר וואָס פערלאַנגט איהר.

**גאָלדמאַן.** דאָ אין ביבליאָטהעק געפינט זיך אַ קעסטעלע שטויב. גיב עס מיר און איך וועל גלייך אַוועק געהן. (דוד גיט אַ לייכטען ציטער).

**דוד.** אויף קיין פאַל נים. צו וואָס דאַרפט איהר עס? ווער זייט איהר? געהט אַרויס פון דאַנען!



**גאָלדמאַן.** גיב עס מיר מיט גוטען, ווען ניט, וועסטו ערגער מאַכען.

**דוד.** איהר האָט אַ שמוציגע נשמה, איהר טאָרט נים האַלטען דאָס קעסטעלע אין אייערע הענט. דאָס קעסטעלע שטויב איז אַ הייליגקייט—עס האָט אין זיך לעבען.

**גאָלדמאַן.** אַזוי האָב איך געהערט. דערפאַר וויל איך עס האָבען. זאָלען מענשען זעהן דעם וואונדער. לעבעדיגע שטויב! האַ, האַ, האַ. (בעמערקט דעם זייגער). אָה יעצט האָב איך עס. (לויפט צום זייגער. דערזעהט דאָס קעסטעלע). אָט איז עס, בעסער ווי געוואונשען.

**דוד.** (דרעהט זיך אום מיטן רוקען צום טישעל). ניטע! נעהמט נים דאָס קעסטעלע — גאָט וועט אייך שטראָפען. נעהמען יענעם'ס אייגענטהום מיט געוואַלד איז נאָך אַ גרעסערע זינד ווי עס צו גנב'ענען.

**גאָלדמאַן.** יו אַר איי ביג פול. (גיט דוד'ן אַ שטאַרקען שטופּ און כאַפּט דאָס קעסטעלע און לויפט צום טיהר).

**דוד.** (קומט איהם אין וועג). ניין, בשום אופן נים. (כאַפּט אָן זיין ראָק) נאַט אייך מיין יוגענד, נאַט אייך מיין לעבען, נאָר נעהמט נים צו דאָס קעסטעלע שטויב!

**גאָלדמאַן.** אַ לעבען פאַר אַ קעסטעלע שטויב? ניין, ביזט נאָך צו יונג צו שטאַרבען, לאָז אָפּ! (רייסט דוד'ן אַוועק פון זיך).

**דוד.** (כאַפּט אַרויס אַ שליסעל פון בוזים און פערשליסט די טיהר. קוקט אָן גאָלדמאַן מיט ווילדע בליקען).

איך פיהל זיך יעצט שטארק ווי א גבור. איך וועל אייך שלעכטעס טאהן. איך וועל צובייסען אייערע הענט. (נעהערט זיך). איך וועל אויסדראפען אייערע אויגען, איהר הערט? איך — איך — — (גיט א העפטיגעז ריס גאלדמאן פון טיהר).

**גאלדמאן.** (מיט לייכטען שפאט). אזוי? שטארק ווי א גיבור? וועל איך טאקע אין דער מינוט אפשוואכען דיין גבורה אויף דער זעלבער ארט ווי מען האט אפגעשוואכט די גבורה פון שמשון הגיבור. (כאפט שנעל ארויס א קליין שערעלע און שערט אפ דוד'ס לינקע פאה. דוד לאזט ארויס: א קרעכץ און בלייבט שטעהן ווי פערשטיינערט. דער שליסעל פאלט ארויס פון זיין האנט, גאלדמאן שליסט אויף די טיהר און פערשווינדט מיטן קעסטעלע. דוד פיהרט לאנגזאם זיין לינקע האנט צום לינקען אויער. לאזט ארויס א ווילדען געשריי. דרעהט זיך ארום אין מיטען צימער ווי א וואהנזיניגער, און פאלט צום באדען. יאמערט). ניטא! צוגענומען! וואס וועט יוסף זאגען? וואס וועט ער טאהן? ווי האב איך עס דערלאזט? איך האב געדארפט בעטען דעם רויבער ער זאל מיר דער'הרג'ענען.... מיר פערשלעפען אין וויסטע וועלדער. איך זאל מעהר ניט קאנען זעהן דעם ליכטיגען פנים פון יוסף מאמין .... (יאמערט הערצרייסענד און דראפעט דעם באדען מיט זיינע הענט).

די ביהנע ווערט סטאק פינסטער און

**די סצענע פערגעהט.**

———oo———



## זעקסטע סצענע.

———oo———

(פינף שטונדען שפעטער).

* * * *

**סצענע:** א גרויסער זאאל. די געלעגענהייט איז דער פינפטער יאהרעס-פעסט פון "די נייע דענקער". די פערזאמלונג איז אן איינפאכע. פערשידענע טיפען ווארפען זיך אין די אויגען. צווישען זיי איינינע אלטע לייט אהן היטלען, אויך היי-סקול שילער מיט זייערע ביכער. אין פארגרונט רעכט א פלאטפארמע. אונטערן פלאטפארמע, א רייהע בעזעצטע שטוהלען. די לופט אין זאאל איז פול מיט רויך. דער טומעל און אונארדענונג צווישען די פערזאמעלטע איז שטארק קענטיג. א געוויסע שטרעקע פון פלאטפארם זיצט א גרויסע טהייל פון דעם ביהנע-אודיענץ, אויס-געזעצט אין א האלבען צירקעל. ארום טיש אויף'ן פלאטפארם זיצען די פערוואלטער פון קלוב. אין דערמיט, זיצט הערריס מאסס. נעבען איהם זיצט ארנאלד. אין ווינקעל אין פארגרונד לינקס, זיצט גאלדמאן און פיינבערג. צווישען זיי אויף א שטוהל שטעהט א קליינער רענצעל.

**גאלדמאן.** האלט דיין אויג אויף'ן וועלים, פיינבערג, איך מוז באלד ארויפגעהן אויף'ן פלאטפארם. פרעזי-דענט מאסס איז ענטציקט פון מיין טהאט, און וועט מיר לאזען וויזען די שטויב צו די פערזאמ-עלטע צום שלום פון פראגראם. וואס פיר אן

איבערראשונג דאס וועט זיין פיר אונזערע מיט־גלידער. זיי וועלען ניט גלויבען אז אין דיזע צוויליזירטע לאנד לעבט היינט אזא פאנאטיקער ווי יוסף מאמין. אבער מיר פארלירען זיי איינציג־ווייז און זייער טיפ וועט זיך שוין קיינמאהל ניט אומקערען.

**פיינבערג.** זיי נים אזוי זיכער וועגען דעם. מר. מאמין איז אמאל געוועזן אזוי יונג ווי דו און איך. ווען דער מענש ווערט עלטער, הויבט ער אן צו געהן אויף די וועגען אויף וועלכע זיינע עלטערען זיינען געגאנגען. און איך דענק לויט וואס איך האב געהערט וועגען מר. מאמין, האבען זיינע עלטערען געמוזט געהן אויף גאלדענע וועגען.

**גאלדמאן.** ווען דיין בעגריף וואלט געווען אמת, וואלט די מענשהייט געווען היינט דאס וואס זי איז געווען מיט טויזענדער יאהרען צוריק. ווילד, בלוט־דורשטיג און וואלט נאך היינט פערמאטערט מענשען ביז צום טויט.

**פיינבערג.** די מענשהייט טהוט היינט אויך די זעלבע זאך. האט דא נים לאנג איירא[illegible]פא דער׳הרג׳עט איבער הונדערט מיליאן מענשאן און פערפייניגט זעקס מיליאן אידען צום טויט?

**גאלדמאן.** זאג נים זעקס מיליאן אידען, זאג מענשען, מענשען — אה, דו וועסט קיינמאהל ניט ווערען קיין נייער דענקער. גיוו איט אפ.

**פיינבערג.** מייבי אי וויל. (פיינבערג קוועצט מיט די פלייצעס און פערנעהמט זיין פלאץ אויף׳ן פלאטפארם).



**מר. מאסס.** (שטעלט זיך. גיט דריי מאהל א קלאפ מיטן האמער. אין זאאל ווערט שטיל). מיטגלידער פון די נייע דענקער. מיר פאנגען יעצט אן דעם צווייטען טהייל פון אונזער פראגראם וואס וועט בעשטעהן פון פראגען און אנטווארטען וועגען דער אידישער רעליגיע. איך וועל אויף א ווײלע אונטערברעכען דעם גאנג פון פראגראם צוליב א וויכטיגע אורזאכע. ווי איך איז בעקאנט האבען מיר צווישען אונזערע מיטגלידער א נייעם דענקער וועמעס פאמיליע נאמען איז די קרוין פון דעם יודענטהום אין די שטאאטען פון מיטען־מערב אמעריקא. אונזער נייער מעמבער האט צוגעגרייט א קורצע רעדע פיר היינטיגען אווענד וועלכע מיר זיינען נייגעריג צו הערען. איך האב די עהרע אייך פארצושטעלען מר. ארנאלד מאמין, דער אייניקעל פון אונזער אונערמידליכען שונא — יוסף מאמין!

(דונערענדע אפלאדיסטען און אויסגעשרייען פארהילכען דעם זאאל. פילע שטעלען זיך אויף די שטולען און קלאפען אויך מיט די פיס).

**ארנאלד.** (שטעלט זיך. הויבט אויף זיין רעכטע האנט. אלע זעצען זיך. אין זאאל ווערט שטיל). איך בין בעאויפטראגט געווארען פון אונזער ווערטהען פרעזידענט צו האלטען היינט אווענד די ערשטע פון מיין סעריע לעקצעס וועגען די צוזאמענ־ברעכונג פון רעליגיעזע הערשאפט. (אפלאדיסטן). וועגען דעם קומענדען געבורט פון א פריידענק־ענדע מענשהייט וועלכע וועט ניט טראגען קיין האס צו איהרע פערשידענע ראסען און נאציאנען, ווייל די מענשהייט וועט ניט דינען צו קיין

רעליגיע. דער צוקינפטיגער מענש וועט לעבען אַן שרעק, ווייל ער וועט ניט גלויבען אין אַ שטראָפער וועלכען ער זעהט ניט און הערט ניט! (אַפּלאַדיסטען) ער וועט ניט זיין קיין גאָט-דיענער ווייל ער וועט האָבען דעם בעוואוסטזיין אַז עס איז ניטאָ קיין —

**אַ דראָנערענדע שטימע.** (אונטערברעכט אַרנאָלד'ס רעדע). ס—ט—אָ—פּ!!

(די הויכע פיגור פון יוסף מאַמין ערשיינט אין זאַל. זיינע אויגען בעגעגענען זיך מיט אַרנאָלד'ס. אַרנאָלד זינקט אין שטוהל. יוסף בלייבט שטעהן צווישען פּלאַטפאָרם און האַלב-רונדען זיץ-פּלאַץ. אַלע בעוואונדערען זיין געשטאַלט).

**מאָסס.** זיין געזיכט איז מיר בעקאַנט — וואו האָב איך איהם געזעהן?

**אַ שטימע.** פּרעזידענט מאָסס, ווי אַזוי איז דער אַלטער אריינגעקומען אַ הער? מיר לאָזען ניט אריין אַ אידען וואָס טראָגט אַ באָרד.

**אַ צווייטע שטימע.** ער האָט אונטערגעקויפט דעם טיהר-היטער.

**אַ דריטע שטימע.** זאָל ער זיך אידענטיפיצירען.

**איינינע שטימען.** דהעט'ס רייט. ווער איז ער?

**יוסף.** (קוקט זיי אָן מיט שטרענגע בליקען. עס ווערט טויט-שטיל). ווערטהע הערען. ענטשולדיגט מיר פיר'ן נעהמען זיך די פרייהייט איבערצו-



שלאָגען דיזען פעסט. ערלויבט מיר צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער.

**מאָסס.** (שטעלט זיך). צוערשט פאַרלאַנג איך איהר זאָלט אונז זאָגען ווער איהר זייט. אויב איהר ענטזאַגט זיך עס צו טאָן—וועל איך אייך ניט לאָזען רעדען.

**שטימען.** מיר ווילען איהם הערען. סיט דאַון, מר. טשערמאַן.

**יוסף.** איידער איך וועל אייך מעלדען דעם הויפּט צוועק פון מיין קומען צו אייך, ערלויבט מיר צו מאַכען אַ בעמערקונג וועגען אייער יונגען רעדנער'ס לעצטע ווערטער. דער מענש וועלכער בעזיצט אַזאַ פערפוילטע חוצפּה עפענטליך אָפּצולייקענען דעם איי‌ביגען עקזיסטענץ פון גאָט, דאַרף אַרויס-געוואָרפען ווערען פון דער געזעלשאַפט, ווייל ער בעזיצט אַ קרעציגע נשמה!

**מאָסס.** אייערע אונפערשעמטע רייד, גיט מיר די געלעג-ענהייט אייך שוין אַרויסצושיקען פון דיזען זאַאל.

**יוסף.** מיר דאַכט אַז די פערזאַמעלטע זיינען נייגעריג צו הערען וואָס איך האָב צו זאָגען.

**שטימען.** יעס, יעס, טעל אָס. גאָו אָן וויטה איט.

**יוסף.** עס איז אַ נאָבעלע אונטערנעהמונג צו ווייזען די וועלט די פינסטערע מאַכט וואָס בעהערשט די אונגלויביגע. ווייסט אַז דער מענש וועלכער קלייבט אויס דאָס אָפּלייקענען פון גאָט אַלס זיין פּרינציפּ, טהוט עס ווייל ער בעזיצט די טויטליכע

האָס מיט וועלכע די קליין-ווירדיגע פערפאָלגען די גרויס-ווירדיגע, און אויך ווייל ער פערשטעהט ניט די טיעפסטע פהילעזאָפיע פון לעבען — אמונה.

**שטימען.** וואָס מיינט ער? שלאָג ניט איבער.

**יוסף.** אמונה צווינגט ניט, אמונה דיקטירט ניט. אמונה לערענט און בעט. זאָלסט האַנדלען מיט גערעכטיגקייט, מיט עהרליכקייט, מיט רחמנות צו אלע מענשען. זאָלסט לעבען אָנשטענדיג, ריין פון זינד און פערברעכען—קאָן דער קליין ווירדיגער מענש ניט פערטראָגען די נאָבעלקייט פון אמונה ווי ער קאָן ניט פערטראָגען דעם נאָבעלען מענשען. קלערט ער אוים אויף אמונה די חסרונות וועלכע זי האָט גאָרניט. זאָגט ער אַז רעליגיע איז ווילד, אַז זי פערשקלאָפט דעם מענשען. ווייל דער נידעריגער מענש פטור ווערען פון רעליגיע, ווייל רעליגיע שלאָגט זיין געוויסען, זיין נשמה. ווייל אמונה קאָן זיין בעהאַלטענעם "איך", דעם "איך" וועלכען די אויסערליכע וועלט זעהט ניט, אָבער דעם "איך" וועלכען גאָט זעהט — און דערפאַר טראָגען די אונווירדיגע און קליינינקע מענשעלעך אַ שנאה צו רעליגיע. זיי קאָנען ניט פערטראָגען איהר עהרליכקייט פונקט ווי דער גנב קאָן ניט פערטראָגען דעם עהרליכען מאַן. אמונה'ס זיטען-לעהרע, איהר הייליגקייט, איהר מאָראַל שטעכט זיי אין די אויגען ביז צום שלום פון זייער לעבען.

**שטימען.** מר. טשערמאַן, לאָזט איהם מעהר ניט רעדען! ער מוז זיין אַ רב.



**איינער.** (שטעלט זיך). טראָגט איהר אַ טלית-קטן? (אייניגע לאַכען).

**אַ צווייטער.** און אייערע ציצות, ווייזט אונז אייערע ציצות.

**אַ דריטער.** ווי פריה האָט איהר היינט געלעגט תפילין? (פילע לאַכען).

**יוסף.** (שטאָלץ). אייער געלעכטער בעליידיגט מיר ניט און שרעקט מיך ניט. נאָר גרויס איז די שאַנד פון אַזאַ געלעכטער. שענדליך פאַר דער וועלט און פייניג פיר אייערע ברידער. (טרעט ריקווערטס. בעטראַכט די פערזאַמעלטע). ברידער פון די אונגליקליכעסטע פאָלק אין דער וועלט—ווי קאָן איך אייך קריטיקירען אַז איהר זייט בלינד און טויב, אַז אייך ארט ניט וואָס די וועלט טהוט מיט די אנדערע פון אייערע ברידער. ניין, אייך ארט ניט (מיט אַ לייכטען יאמער). מערדער וואָס איהר זייט! קנאַפּ רודף'ן אונז די אומות העולם? קנאַפּ ברענט מען אונזערע הייליגקייטען און אונזערע לייבער. קנאַפּ שענדעט מען אונזערע טעכטער, קנאַפּ שמדט מען אונזערע קינדער. (העכער). קנאַפּ גיסט די וועלט אונזער בלוט. קומט איהר נאָך אונטער. איהר די זיהן פון אונזערע טאַטעס און מאַמעס, איהר אין וועמעס אָדערן עס פליסט אונזער בלוט, און וואַרפט שטיינער אויף אונזערע קוים לעבעדיגע גופען. ווי קאָנט איהר פערשוועכען אונזערע דינים, צוברעכען אונזערער מנהגים, אָפּלאַכען פון אונזערע רבנים און שוהלען? אַזוי ווי די ווערים קריכט ארום צווישען אונזער יוגענד און פערדאָרבט זיי מיט האַס און

גלייכגילטיגקייט געגען די פרומע אין אונזער פאָלק! (יאַמערט). ווי קאָנט איהר עס טאָהן, ווען אַ האַלבע וועלט ציעלט אונז אָפּצואווישען פון דער ערד! . . . (אַ טויטע שטילקייט הערשט אין זאַאל. די פערזאַמעלטע קוקען זיך אָן איינע די אַנדערע).

**גאָלדמאַן.** (שטעלט זיך). אַבער צו וואָס זייט איהר געקומען אַהער?

**יוסף.** צו פערהיטען די שחיטה פון אַ זוהן פון אונזער פאָלק אויף אייער מזבח פון גאָטלאָזיגקייט. איך בין אויך געקומען פערקלאָגען אייער פיהרער — הערֶרים מאַסס. (פילע אין צירקעל שטעלען זיך). פאַרוואָס וויל איך איהם פערקלאָגען? ווייל ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט ווי אַ שלאַנג אין אַ יונגען, פערצווייפעלטען יתום׳ם הארץ און איהם פער־וואַנדעלט אין אַ שונא צו גאָט, צו זיין פאָלק און— צו מיר. דער מוטערלאָזער זוהן איז מיין אייניקעל. (קוקט אויף מאַסס׳ן). שטעה איך דאָ יעצט אַלס אייער אַנקלאַגער. אַבער איך בין זיכער אַז אייערע תהו ובהוניקעס וועלען מיר ניט לאָזען זיין אייער ריכטער.

**מאַסס.** ווער זייט איהר און ווער איז אייער אייניקעל?

**יוסף.** ניט דאָס איז יעצט די וויכטיגע פראַגע. מיין אַנקלאַגע האָט ניט צו טאָהן מיט געזעץ, נאָר מיט גאָט און זיין גערעכטיגקייט. דער גלויביגער שטעהט אין נעהענטערע פערבינדונגען מיט דעם בעשעפער ווי דער אונגלויביגער — דערפאַר נעהם איך זיך דאָס רעכט צו זיין אייער ריכטער. און אייך גלייך פעראורטהיילען.



(אַ הילכעדיגער געלעכטער פערקלינגט דעם זאַאל. כמעט אַלע אין צירקעל שטעלען זיך אויף. זיי רוקען זיך צו יוסף׳ן מיט דראהאונג אין זייערע בליקען).

**מאַסס.** און וואָס אַלטער נאַרר, וועט זיין אייער אורטהייל?

**יוסף.** (רוהאיג). איך וועל פערעפענטליכען אייער שפּיעל מיט מיין אייניקעל און וועל מיט די הילף פון דער עפענטליכער מיינונג בעוואויגען די רבנים אריינ־צולעגען אייך און אייער פעראיין אין חרם.

**איינער.** (טרעט אַרויס פון די גרופּע). וואַגט עס נאָר . . . (אימעצער וואַרפט אַ נאָזטיכעל אויף יוסף).

**אַ צווייטער.** לאָזט אונז איהם אַרויסוואַרפען. (נאָך אימיצער וואַרפט אַ שוועבעלע).

**גאָלדמאַן.** (לויפט צו פיינבערג׳ן). שנעל, גיב מיר דאָס קעסטעלע. (כאַפּט עס אַרויס פון פיינבערג׳ם האַנט און לויפט צוריק אויף׳ן פלאַטפאָרם).

**אַ דריטער.** ער איז אַ שונא פון פרייען געדאַנק — נידער מיט איהם.

**אַלע.** יאָ, אַ שונא, אַ שונא!

**גאָלדמאַן.** (שנעל). עס וועט באַלד וואָס פּאַסירען, זייערע געזיכטער זיינען שוואַרץ פון כעס.

**מאַסס.** איך זעה. וואָס זאָל איך טאָהן? (אַרנאָלד שטעלט זיך).

**גאָלדמאַן.** איך האָב מיט זיך געבראַכט דאָס קעסטעלע שטויב. טהוט עס אַ וואַרף אויף איהם. די איבעררַאשונג וועט צושטערען זייער אַבזיכט.

**מאסס.** א טהייערער איינפאל! גיב עס מיר. (צו די פער־זאמעלטע). איין מינוט פרייע דענקער — איין מינוט! (שליידערט די קעסטעלע שטויב אויף יוסף׳ן, ער טהוט א לייכטען געשריי פון איבער־ראשונג, אבער ער פארלירט זיך נים, נאר פאנגט אן שמייכלען).

**ארנאלד.** (לויפט צו יוסף׳ן. פרובירט אפווישען די פול פון זיין מאנטעל. יוסף שטופט איהם מילד אוועק. ארנאלד קערט זיך אום צו מאסס׳ן). מר. מאסס, וואס האט איהר געטאהן, דיזער מאן איז מיין זיידע — יוסף מאמין!...

(די מאסע טרעט אהינטער און בלייבט אונבעוועגליך).

**מאסס.** (מיט פערגלעזערטע אויגען). וואס? — יוסף מאמין — דא? — ביי אונז?!...

די שטויב אויף יוסף׳ס פיגור פערוואנדעלט זיך ווי אין גאלד־שטויב און פינקעלט אויף זיין קערפער. דער גאנצער ענסאמבעל אויף׳ן ביהנע שטעהט ווי פארשטיינערט. נאר ארנאלד בעוועגט זיך. ער שארט צונויף די שטויב און טהוט עס אריין אין קעסטעלע ווערענד דער

## פאהראנג פאלט שנעל.





## זיבעטע סצענע.



(צוויי טעג שפעטער. נאכמיטאג).

* * * *

**סצענע:** א הויף. דער הינטערשטער אריינגאנג צו יוסף׳ס וואוינונג. עטליכע טרעפלעך פירען אין הויז אריין. רעכטס, א בוים. אונטערן בוים א באנק. טיעף אין הינטערגרונט, זעהען זיך הייזער. רעכטס, פון די טרעפלעך, א שטוהל אויף וועלכען עס זיצט נתן און לעזט א ״מארגען זשורנאל״. אויף דעם אויבערשטען טרעפעל זיצט בערקע און שיילט קארטאפעל. די אב־געשיילטע ווארפט ער אריין אין א דער־בייאיגען טאפ וואסער.

**נתן.** (לעגט אוועק די צייטונג). נו, בערקע, ווי האלט עס מיט די קארטאפעל.

**בערקע.** נתן, איך וויל מעהר ניט הערען אט דעם ווארט. אוים ״דייטשמעריש״. אידען דארפען אריינלעגען די דייטשע שפראך אין חרם, דהעטס־אלל.

**נתן.** נו, טו וואו האלסטו מיט די בולבעס?

**בערקע.** דעם ווארט וויל איך אויך ניט הערען. וואס הייסט, די פאליאקען בעהאנדלען אונז דען בעסער ווי די דייטשען? פאר וואס זיי אנטאהן אזא כבוד און זיך ניצען מיט זייערען א ווארט דא אין אמעריקא.

**נתן.** איי בערקע, בערקע, אז מיר זאלען נאר רעדען די שפראכען פון די פעלקער וועלכע האבען אונז ליעב — וועלען מיר בלייבען אהן לשון . . . . נו, טו זאל שוין זיין פאטייטעס — איז וואו האלסטו מיט די פאטייטעס?

**בערקע.** אה, דהעט׳ס-רייט. אט דעם ״אידישען״ ווארט האב איך ליעב צו הערען. עפעס האט עס א שייכות מיט אנקעל סעם. לאנג לעבען זאל אנקעל סעם. אלע דערשלאגענע פון דער וועלט-מלחמה זיינען יעצט זיינע פלימעניקעס און פלימעניצעס.

**נתן.** גוט געזאגט. אבער ווען וועסטו קאכען דיינע פאטייטעס; עס איז דאך שוין באלד פיער א זייגער.

**בערקע.** וועמען ארט דער זייגער. און צו וואס דארף מען אין גאנצען א זייגער? אניט זעהען מיר נים אהן א זייגער ווי עס לויפען אונזערע טעג און יאהרען? צו וואס דארף מען נאך האבען א זייגער זאל זיך רייצען מיט אונז און צעהלען די מינוטען און סעקונדען פון אונזער לעבען? צום טייפעל מיט דעם זייגער. (ווארפט אריין אן אבגעשיילטע קארטאפעל אין טאפ).

**נתן.** א מענש טאר ניט טראגען אין זיך קיין שנאה, בערקע.

**בערקע.** איך א שונא? הלואי וואלט די וועלט מיך אזוי ליעב געהאט ווי איך האב ליעב די וועלט. איהר מיינט איך בין א גאנצער עם-הארץ? אניט וויים איך נים אז די תורה זאגט ״ואהבת לריך כמיכה?״ נו, טהוט מען פונקט פארקערט. נו, און די עשרת



הדברות האלט מען? א גליק וואס עס איז דא צעהן, האלט מען חאטש — דריי.

**נתן.** וועלכע דריי געבאט האלט מען בערקע?

**בערקע.** וועלכע? — הויבט זיך אן א מעשה, נו, וויל איך אייך ניט זאגען און טהוט מיר עפעס. (זינגט אונטער).

**נתן.** האסט ליעב צו זינגען, א יא בערקע?

**בערקע.** פרעגט שוין גאר ניט. נאך מיין בר-מצוה האב איך געזונגען ביי א חזן. לאנג בין איך ביים חזן נים געווען. ער האט געזאגט מיין טאטען אז א שטימע האב איך גראדע א גוטע, נאר — נאר איך הינק אויף׳ן עברי. נו, בין איך מיר געווארען מיין אייגענער חזן, פערפאס מיך מיינע אייגענע נגונים און זינג אין דער וועלט אריין. אפילו ענגלישע ליעדער פערפאס איך אויך.

**נתן.** איך בין ציקאווע צו הערען דיין׳ס אן ענגלישע ליעד...

**בערקע.** פארוואס ניט—ביי מיר איז גערעדט און געטאן. (לעגט דעם מעסער אין שוים און הוסט זיך אוים. שטיל בעגלייטעט פון מוזיק).

If you haven't got a dime,
You cannot drink לחיים
טאם, טאם, טאם, טאם - טאם
And if your purse is not א פולע
There isn't any פאולה
In making love to a בתולה
טאם—טאם—טאם—טאם—טאם

**נתן.** גערעכט בערקע, מען דאַרף האָבען אַ ביסעל הומאָר אין איצטיגע צייטען.

**בערקע.** (שיילט אַ קאַרטאָפעל). זאָגט מיר נאָר, נתן, וואָס מאַכט דוד?

**נתן.** ער בעסערט זיך גאָט צו דאַנקען.

**בערקע.** איך פערשטעה ניט וואָס פאַר אַן אינטערעס האָט דער גנב געפונען אין ספרים — און וואָס האָט ער גע'גנב'עט?

**נתן.** קיינער ווייס ניט. ר' יוסף זאָגט ניט אויס. עס איז דאַן ענטשטאַנדען אַ שרעקליכער ראַנגעל צווישען דוד'ן און דעם גנב. ווען שלמה'לע איז פאַרנאַכט אַריינגעקומען אין זיין זיידע'ס ביבליאָטהעק האָט ער געפונען דוד'ן ליגענדיג אַ פער'חלשט'ען. ער האָט געמאַכט אַ געוואַלד. די מענשען פון קלויז זיינען אַריינגעלאָפען און מען האָט גלייך גע־בראַכט אַ דאָקטאָר. מיר זיינען אַלע געוואָרען ווי פערשטיינערט ווען מיר האָבען דערזעהן אַז דוד'ן פעלט זיין לינקע פאה.

**בערקע.** אַ געוואַלד. אַנדערש ניט ווי דער גנב איז געווען אַן ערל. ווי וועט עס אַ איד אַזוי שענדען דעם צווייטען אידען? איך קאָן זיך פאָרשטעלען ווי דיזע פאַסירונג האָט געווירקט אויף יוסף'ן.

**נתן.** ר' יוסף טרעט ניט אָפּ פון דוד'ס בעט אויף איין מינוט.

**בערקע.** יוסף ליבט דוד'ן מעהר ווי זיינע אייגענע קינדער.

**נתן.** און דוד איז פאָלקאָם בערעכטיגט צו ר' יוסף'ס ליבע. ער געהט אין גאַנצען אין ר' יוסף'ס דרכים און



וועט מיט דער צייט ווערען זיין נאָכפאָלגער. דערצו וועט נאָך דוד ווערען אַמאָל אַ בעריהמטער מענש דורך זיינע שירים. שטעל זיך פאָר, אַז ליגענדיג קראַנק האָט ער נעכטען אָנגעשריבען אַ נייעם שיר.

**בערקע.** אַזוי! טאַקע אַ געבאָרענער משורר.

**נתן.** ר' יוסף האָט מיר געזאָגט אַז ער וועט קומענדיגען שבת נאָכ'ן דאַווענען פאָרלייענען דוד'ס שיר און אַז יעדער איד דאַרף דעם דאָזיגען שיר אויס־לערנען אויף אויסענווענינ.

**בערקע.** עס וועט מיר אויסגעהן די כוחות פון אונגעדולד ביז שבת.

**נתן.** האָב איך שוין געטאָהן קליגער. איך האָב געבעטען ר' שמואל'ן וועלכער האָט אַ קאָפּיע פון שיר, ער זאָל מיר אָנטאָהן דעם כבוד און מיר געבען אַ כתב־יד פון דאָס ליעד.

**בערקע.** און שמואל האָט געפאָלגט אייער בקשה?

**נתן.** יאַ. איך האָב עס ביי זיך.

**בערקע.** (שפרינגט אויף). (לאָזט פאַלען דעם מעסער און די קאַרטאָפעל). אַ לעבען אויף אייך, לייענט מיר פאָר דעם שיר. איך וועל איינשלינגען יעדען וואָרט.

**נתן.** (נעהמט אַרויס פון בוזים אַ בויגען פאַפיר. לייענט דוד'ס שיר, אונטער די בעגלייטונג פון שטילע מוזיק, און בלויע בעלייכטונג אויף'ן ביהנע).

## טרעפט ווער איך בין.

מען קלייבט פאר מיר לענדער,
מען מעסט פאר מיר ימים,
מען בויט פאר מיר בריקען וואס ברייטער און לענגער.
מען פלאנצט פאר מיר גערטנער,
מען האקט פאר מיר גאסען,
און דאך ווערט די וועלט פאר מיר ענגער און ענגער —

טרעפט ווער איך בין,
טרעפט ווער איך בין!

מען שפאנט פאר מיר ליניעס,
מען טרייבט פאר מיר באהנען,
מען איילט פאר מיר שיפען וואס שנעלער און שנעלער.
מען זינגט מיר פון פרייהייט,
מען פוצט מיר מיט "גלייכהייט" —
דאך ברענט ארום מיר האס-פלאמען, העלער און העלער ....

טרעפט ווער איך בין,
טרעפט ווער איך בין!

מען לערענט מיין תורה,
מען האלט מיינע דינים,
נאר מען שמד'ט מיינע קינדער וואס מעהרער און גיכער.
מען קרוינט מיינע זיטען,
מען בענטשט מיינע חכמות —
נאר מיט מיין לעבען — בין איך קיינמאהל ניט זיכער!

טרעפט ווער איך בין,
טרעפט ווער איך בין!

## די סצענע פערגעהט.

——oo——



## אכטע סצענע.

——oo——

(דריי טעג שפעטער. אין דער פריה).

* * * *

**סצענע:** יוסף'ס קלויז. דער גרויסער עולם וועלכער איז געקומען דאווענען האלט זיך ביים צו-געהן. אויף דעם פלאטפארם זיצט יוסף אין פאטערליכען שטוהל. ווען די דאווענערם געהען איהם פארביי זאגען זיי אין דער-הויך צו איהם "א גוטען טאג". אנדערע זאגען "א געזונט אויף אייך, ר' יוסף", און יוסף ענטפערט זיי: "א געזונט אויף אייך אויך". יוסף און דוד פערבלייבען אין קלויז ווען אלע געהען אוועק. דוד'ס לינקער אויער איז פערבונדען מיט א שטיקעל באנדאזש. ער געהט צום פענסטער לינקס, און קוקט ארוים.

**דוד.** עס וועט היינט וואס פאסירען, ר' יוסף. דער הימעל איז ווי בעצויגען מיט א נייע בלויקייט. די לופט איז פול ווי מיט גאלדענע בליהטען און דער זונען-שיין איז גאלדענער ווי שטענדיג.

**יוסף.** פאעזיע, פאעזיע, דו אטהעמסט מיט פאעזיע.

**דוד.** די גאנצע וועלט זעהט היינט אוים ווי — ווי זי וועט באלד אנפאנגען זינגען—ווי זי טראגט א הימלישע בשורה צו אונז! (קערט זיך אום מיט'ן פנים צו יוסף'ען).

**יוסף.** קום אהער, דוד, זעץ דיך געבען מיר. איך האב דיר נאך וויכטיגעס צו זאגען.

**דוד.** (לויפט כמעט). וועגען אייער בוך? (זעצט זיך נעבען יוסף׳ען).

**יוסף.** יא, וועגען מיין בוך אין וועלכען איך וועל פערקער־פערען מיין טהעאריע. איך וועל אין מיין בוך דעמאנסטרירען הונדערטע פאקטען מיט וועלכע איך וועל בעשטעטיגען מיין טהעאריע. אבער צוויי פון די פאקטען וועלען אריבער וועגען אלע אנדערע פאקטען. (קוקט אין דער ווייטקייט).

**דוד.** (שטיל). דערצעהלט מיר די צוויי פאקטען, טייערער יוסף, מיר זיינען דאך יעצט אליין.

**יוסף.** ווען דער בורא שיקט ארונטער דורך די גייסטיגע אטאמען א נייעם גרויסען געדאנק אין א געוויסען מענשען׳ס מוח, ווערט די מענשהייט בעגליקט פון דעם נייען געדאנק, און דער דאזיגער נייער געדאנק בעקומט א פורם. די מענשהייט מאכט דאן א שריט נעהענטער צו די גייסטיגע וועלטען, נעהענטער צו גאט! ווייל עס קומט דאן פאר א פערבינדונג צווישען רוחניות מיט גשמיות. גשמיות אליין איז פערניכטבאר — רוחניות איז אייביג און אונפערניכטבאר. דערפאר בלייבען די טיעפע געדאנקען, די גרויסע אידעאלען און אידעען פון א מענשען אויף אייביג אין דער וועלט — אבער ניט זייערע פורעמס — זייערע פורעמס מוז מען פון צייט־צו־צייט מאכען נייע.

**דוד.** די פורעמס מוז מען מאכען נייע . . .



**יוסף.** נאך א פאקט: פארוואס האט איין מענש א מוח ווי איינשטיין און א צווייטער א מוח ווי היטלער? זאג איך אז איינשטיין׳ס מוח בעשטעהט פון נייין צעהנטעל גייסטיגע אטאמען און היטלער׳ס מוח איז בעשטאנען פון נייין צעהנטעל אירדישע אטאמען. דער ערשטער איז געבענטשט פון גאט און איז א שליח פון די גייסטיגע וועלטען — דער צווייטער איז געווען פערשאלטען פון גאט און איז געווען א שליח פון די מאטעריעלנע וועלטען.

**דוד.** מאטעריעלנע וועלטען . . .

**יוסף.** (ווי אין חלום). איך וועל שליסען מיין בוך מיט מיין לעצטע ערקלערונג אז — (די זון שיינט אריין). אז די אייביגקייט איז דער אפשלאג פון בורא! דער בורא איז אייביג און צייט איז אייביג! . . . און די אייביגע בעוועגונג פון די מאטעריעלנע וועלטען ווערט פערארזאכט פון די אונזעבארע בעוועגונג פון אייביגקייט—פון דעם אבשלאג פון דעם בורא פון אלע וועלטען.

**דוד.** (איבערראשט). איז עס מעגליך ר׳ יוסף אז איהר האט ענדעקט דעם סוד פון אייביגע בעוועגונג — אייביגע בעוועגונג . . . (שטעלט זיך און געהט צום פענסטער רעכטס). וויפיעל ביליאנען גייסטיגע אטאמען ארבייטען אין אזא געדאנק? (פויזע). ר׳ יוסף, אט קומט אייער זוהן און ארנאלד.

**יוסף.** (ערוואכט). גוט, גוט, זעהר אנגענעהמע געסט. געווים קומען זיי זעהען וואס דו מאכסט.

(אויפטריט סימור און ארנאלד. זיי צעגערען צו געהן ווייטער).

**יוסף.** וואס שטעהט איהר ביים טיהר? איהר זייט דאך ניט קיין פרעמדע. דאכט זיך מיר האבען זיך שוין נעכטען איבערגעבעטען און אלעס איז ווידער ווי געווען.

**ארנאלד.** (טהוט א לאף צו יוסף'ן און שפארט אן זיין קאפ אויף יוסף'ם קארק). אה, גרענדפא, גרענדפא, עם אי רילי פארגיווען?

**יוסף.** (קלאפט אים צערטליך). רעד אידיש מיין אייניקעל, צווישען זיך דארפען מיר רעדען אידיש, און זעץ דיך. און דו, סימור, ווארום שטעהסטו? (ביידע זעצען זיך. דוד געהט צום פענסטער נעבען פלאטפארמע).

**סימור.** פאטער, איך וויל דיר זאגען אז ארנאלד בלאמירט מיר פאר די גאנצע פאסירונג. ער זאגט אז איך האב איהם ניט געגעבען קיין אידישע ערציהאונג, אז דער יודענטהום איז איהם גאנץ פרעמד.

**יוסף.** לײדער זאג איך דאס זעלבע, סימור. דו ביזט דער טיפ פון די קלאס אידען וועלכע האלטען אז דער איינציגער מיטעל ווי פטור צו ווערען פון דער וועלט'ם האס געגען אידען איז אז אידען זאלען זיך רעפארמירען, אדער נאך בעסער, זיי זאלען זיך אסימילירען. וואס פיר א געפעהרליכען אירטהום אט די קלאס אידען מאכען. ניט רעפארמאציע און ניט אסימילאציע איז די רפואה צו דער קראנקהייט אנטיסעמיטיזם. ניין, ניט מיר, סימור — זיינען די קראנקע — די קראנקע זיינען דאך די אנטיסעמיטען, די אידען-פערפאלגער! זיי דארפען א רפואה. מיר אידען זיינען גאט ברוך השם גאנץ



געזונט, און מען קאן זאגען, אפילו שטארק אויך— אט האבען מיר פערלארען מיליאנען פון אונזערע פאלקס ברידער אין דער וועלט מלחמה, מיליאנען, און מיר די איבערגעבליבענע געהען פארווערטס און שטרעבען און בויען ווייטער. ניט מיר דארפען א רפואה, נאר די גרויסע, די מעכטיגע, די צוויליזירטע פעלקער פון דער וועלט דארפען געפינען די רפואה צו דיזער אנשטעקענדער קראנקהייט.

**ארנאלד.** איך פאנג אן צו פערשטעהן, זיידע, איך פאנג אן צו פערשטעהן . . . ניט מיר זיינען די קראנקע! מיר דארפען בלייבען ווי מיר זיינען . . .
(אויפטריט נתן).

**נתן.** א יונגער מאן פרעגט זיך אויף אייך. ער זאגט ער מוז אייך אונבעדינגט זעהן.

**יוסף.** געוויס וועגען א וויכטיגע זאך אז ער איז געקומען אזוי פריה. וואס איז זיין נאמען?

**נתן.** ער וויל מיר ניט זאגען. זעט אוים אן אינטעליגענטער מענש. ער זאגט איהר קאנט איהם זעהר גוט.

**יוסף.** אויב אזוי, שיק איהם גלייך אריין. (נתן אב).
אויפטריט הערים מאסס, מיט הוט אין האנט.
(ארנאלד טרעט אין הינטערגרונט און ציהט סימור'ן מיט זיך).

**יוסף.** (בלייבט זיצען און קוקט איהם אן מיט קאלטע, שטאלצע בליקען). איידער איהר מאכט א שריט ווייטער, מר. מאסס, טהוט אן אייער הוט. דא איז א מקום קדוש. (מאסס פאלגט אים). אייער קומען

צו מיר איבערראַשט מיר ניט אַבוואַהל עס ערגערט מיר צו זעהן אייך אין מיין געגענוואַרט.

**מאַסס.** (טרעט נעהענטער). מר. מאַמין, איך בין געקומען צו אייך אַנגעלאַדען מיט די ערפאַרונגען פון מענשליכע טראַגעדיעס.

**יוסף.** וועגען דעם בין איך גאַרניט אין ספק.

**מאַסס.** טו בעפרייט מיר פון איינע פון זיי. (קומט נאַהענט און שטרעקט אויס זיין האַנט). עמפפאַנגט מיין פערשפעטיגטע ענטשולדיגונג, פערגעסט און פערצייהעט.

**יוסף.** (נעמט אַרויס פון בוזים-טאַש אַ קליינעם קאַנווערט) עס איז געטליך צו פערגעבען אַ זינד אָבער ניט אַ פערברעכען. (נעמט אַרויס פון קאַנווערט דוד׳ס פאה). אַט די פאה איז מיט געוואַלד אַפּגעשאָרען געוואָרען פון אַ יונגען דענקער און פאַעט ביי איינעם פון אייערע "נייע דענקער".

**מאַסס.** (טרעט אַהינטער פערווירט). שרעקליך! מר. מאַמין, גלויבט מיר אַז איך וויים גאַרניט פון דיזער פאַסירונג. ווער איז דער פאַעט און וואָס איז דער נאָמען פון דעם וואָס האָט איהם אַטאַקירט. איך וועל איהם זאָגלייך בעשטראָפען.

(אַרנאַלד און סימור פערלאָזען שטיל די קלויז).

**יוסף.** די אַנטוואָרטען צו אייערע פראַגען וועט דאָך ניט פערקלענערען די גרויזאַמקייט פון דיזען טהאַט. בעשטראָפען דאַרף מען די לעהרע און די לעהרער וועלכע פיהרען צו אַזעלכע טהאַטען — זיי דאַרף



מען פערניכטען. (לעגט אַריין דעם קאַנווערט צוריק אין בוזים).

**מאַסס.** (קוקט זיך אום). ווי שטיל דאָ איז. מען פיהלט דאָ זאָגאַר ניט די ציטעררונג פון דאָס לעבען. די טויט-קייט פון אַלטערטהום רוהט דאָ אין יעדען ווינקעל.

**יוסף.** דער אַלטערטהום ענטהאַלט דאָך דעם אָנפאַנג פון דער וועלט. וואָס וואָלט די מענשהייט ניט אַוועק-געגעבען צו דערגעהן דעם אָנפאַנג פון די שעפּפונג!

**מאַסס.** און וואָס זאָגט איהר וועגען די ליידען פון דער מענשהייט? וואָס איז דער צוועק פון דעם ליידען? עס איז ניטאָ קיין צוועק! בלייבט עס פאַר מיר מענש צו פערניכטען די ליידען און אַליין בעשאַפען מיינע גליקען.

**יוסף.** (מיסטעריעז). עס איז פאַראַן אַ צוועק. די מענשהייט איז נאָך ניט רייף גענוג צו בעגרייפען דעם צוועק. זי מוז נאָך וואַרטען, לאַנג וואַרטען . . .

**מאַסס.** איך טאָלעריר אייער ערקלערונג, אָבער איך נעהם עס ניט אָן. דאָס לעבען שפּילט זיך מיט דעם מענשען אַזוי ווי מיט אַ פּילקע און שליידערט איהם אום הונדערט מאָהל דורך זיין לעבענס-לויף.

**יוסף.** (אין זעלבען טאָן). אָט טאַקע אין דעם שליידער, מענש, ליעגט דער סוד. פאַלען, זיך אויפהויבען, און געהן ווייטער! פאַלען, זיך אויפהויבען און געהן נאָך ווייטער און פאָרווערטס, ביז וואַן דו מענש וועסט קומען פנים אל פנים מיט דעם צוועק וואָס גאָט האָט פאַר דיר בעשטימט!

**מאַסס.** איך בין אייך מקנא אייער צופרידענהייט, אייער גלויבען, אייערע פאַלשע האָפנונגען. אלזאָ, איך מוז שוין געהן. איך בעט נאָכאמאָל אייער פערצייהאונג ווי אויך די פערצייהאונג פון דעם יונגען מאַן וועלכער איז אַנגעגריפען געוואָרען פון אונזערען אַ מיטגליד. עס טהוט מיר לייד וואָס איך קאָן דעם יונגען מאַן ניט בעגעגענען.

**יוסף.** גראַדע קאָנט איהר דעם יונגען מאַן יאָ בעגעגענען. (צו דוד'ן). דוד, זיי אַזוי גוט, קום אהער. (געהט אַרונטער פון פּלאַטפאָרם).

(דוד נעהערט זיך, בלייבט שטעהן נעבען יוסף'ן מיטען רעכטען זייט).

**מאַסס.** איך האָב גאַרניט בעמערקט אַז נאָך איטעצער איז דאָ פאַראַן.

**יוסף.** דוד, איך וועל דיר פאַרשטעלען אונזער גאַסט — מר. הערריס מאַסס.

**דוד.** אַה! (פיינליכע פויזע פאָלגט. דוד'ס ערשיינונג ווירקט שטאַרק אויף מאַסס'ן).

**מאַסס.** וואָס פיר אַ טיעפע פערטראַכטונג עס רוהט אויף אייער געזיכט.

**יוסף.** דאָס קומט פון קלערען טאָג און נאַכט וועגען גאָט.

**מאַסס.** אין אייערע אויגען ליגט אַ וועלט פון חלומות.

**יוסף.** וואָס טיעפער דער דענקער אַלץ גרעסער דער בעל־חלום.

**מאַסס.** (נעהערט זיך). אַזוי יונג, און איהר האָט זיך שוין אויסגעשלאָסען פון דער וועלט. וואָס קאָנט איהר



דערגרייכען אין די ענגע פינסטערנים פון דיזען פּלאַץ.

**יוסף.** די גאַנצע וועלט איז איינגעשלאָסען אין איהם, מר. מאַסס, ווי עס איז אין יעדען גרויסען מענשען. פאַר אייך שטעהט אַ תלמיד חכם און אַ בעגאַבטער פּאָעט.

**דוד.** (קערט זיך אום מיט'ן לינקען זייט צו מאַסס'ן). איך בעט אייך, ר' יוסף, ריהמט מיר ניט אין מיין געגענוואָרט.

**מאַסס.** (בעמערקט דוד'ס קליינעם באַנדאַזש). מר. מאַמין. איז דאָס דער מאַן וועלכען —

**יוסף.** מייקעל גאָלדמאַן האָט אַטאַקירט.

**מאַסס.** מייקעל גאָלדמאַן, מייקעל גאָלדמאַן? (נעהערט זיך צו דוד'ן).

**דוד.** (טרעט אַהינטער). ריהרט מיך ניט אָן. איך בעט ניט קיין מחילה — און איך זוך ניט קיין נקמה.

**מאַסס.** איין וואָרט — —

**יוסף.** ניין, געהט אַוועק פון מיר, געהט אַוועק. (מאַסס שטעהט ווי פּאַראַליזירט. יוסף'ס פינסטערע בליקען שטעכען איהם דורך).

**מאַסס.** וואָרום האָט מייקעל גאָלדמאַן עס געטאָהן?

**יוסף.** ווייל דוד האָט איהם ניט געלאָזט רויבען מיין קעסטעלע שטויב. די שטויב וואָס האָט צוריק־געהאַלטען אייערע "נייע דענקער" פון צו בעפאַלען מיר.

**מאסס.** די שטויב? — אה, יעם — — יעם — —
(א ראשיגער אויפטריט פון שמואל'ן נאכגעפאלגט פון סימור און ארנאלד. אלע דריי זיינען צוטראגען).

**שמואל.** (זיין מאנטעל האלב אנגעטאהן). ר' יוסף! — הערט די וואונדערבארע נייעס — — (דערקענט מאסס'ן). ווענען זעה איך? מר. מאסס? דא, ביי אונז אין קלויז? . . .

**יוסף.** דערצעהלט, ר' שמואל, דערצעהלט אונז די וויכטיגע נייעס.

(אויפטריט נתן און בערעל. בלייבען שטעהן אין טיהר).

**שמואל.** יא, די נייעס — אונזער שונא יאפאן וועט זיך באלד אונטערגעבען —

**אלע.** אונטערגעבען!

**שמואל.** ווייל אמעריקא האט איהר היינט אטאקירט מיט אן אטאמישע באמבע ! !

**אלע.** אן אטאמישע באמבע !

**יוסף.** די אטאמישע באמבע — די גרעסטע ערפינדונג אין דער וועלט-געשיכטע. א וועלט מיט גייסטיגע אטאמען אין פורם, און אויך דער אנפאנג פון די אטאמען-פעריאדע אין דער וועלט.

**דוד.** (ענטציקט). ר' יוסף, זעהט איהר ניט די פערבינדונג פון היינטיגע פאסירונג מיט אייער טהעאריע פון די גייסטיגע אטאמען. היינט, דעם 18-טען יולי, יאהר 1945, איז די אטאמישע באמבע אריין אין



קראפט — און ווער האט דיזען וואונדער ענדעקט? ווער האט עס געבראכט צו טהעטיגקייט? מענשליכע געדאנקען וועלכע בעשטעהען פון גייסטיגע אטאמען !

**מאסס.** גייסטיגע אטאמען? וועלכער איינפאל! וואס פיר א פרעכטיגע פאנטאזיע!

**שמואל.** דוד איז גערעכט. יעצט איז די צייט ר' יוסף צו ענטפלעקען פאר דער וועלט די פערבינדונג פון די מאטעריעלנע אטאמען מיט די גייסטיגע אטאמען.

**יוסף.** (ווי היפנאטעזירט). יא, יעצט איז די צייט . . . די אטאמישע באמבע איז הוילע גשמיות . . . די אויסטראכטונג פון די אטאמישע באמבע איז הוילע רוחניות. די פאלגען, די רעזולטאטען פון דיזער פערבינדונג ליגט בעהאלטען אין דער צו-קונפט. (ערשיינט אין מיטען ביהנע). אבער הערט נאך ווייטער. ווי איך האב שוין דערקלערט שטראמען די גייסטיגע אטאמען פון דעם בורא'ס גייסטיגע וועלטען, שטראמען אין דעם פורם פון טויזענדער קוואלען, הענגענדיגע קוואלען אין די סודות'דיגע ווייטקייטען. די שפארעס וועלכע האלטען אויף די קוואלען פון די גייסטיגע אטאמען, בעשטעהען פון זונען, פון ליכט!

**אלע.** (אונטער יוסף'ס איינפלוס). פון ליכט.

**יוסף.** אויך איבער אונזער וועלט הענגט א קוואל פון גייסטיגע אטאמען וואס ווערט אונטערגעהאלטען פון דער זון וואס בעלייכט אונזער פלאנעט. (עס

דונקעלט). דורך די ליכט-שטראַהלען פון דער זוהן דערגרייכען אונז די גייסטיגע אָטאָמען, די נייע געדאַנקען און אידעאַלען. (עס ווערט סטאָק פינסטער. אין אַ טיף-בלויען הינטערגרונט געהט לאַנגזאַם אויף די זון. ער קערט זיך אום צום לופט-בילד). זעהט, דאָרט הענגט דער שטראָם פון די גייסטיגע אָטאָמען וועלכער פערפלייצט אונזער וועלט מיט אויפקלערונגען, מיט בעגרייפונגען וועגען גאָט׳ס מעשים. (די זון געהט אויף אין איהר פולען פראַכט). זעהט ווי אויף די כוואַליעס פון גייסטיגען שטראָם גליהען די ווערטער פון אלקים! שטראָמען די אותיות פון אונזער תורה, נבאים וכתובים! — — — —

(אויף דער פלעכע פון דער זון בעוויזט זיך די תורה און וויקעלט זיך פערנאַנדער פון זיך אַליין אַזוי דאָס זי פערדעקט כמעט די גאַנצע זון. די אותיות שפּרינגען אַרוים פון דער תורה און פערזינקען אין דעם רוים. דונערען און בליצען געמישט מיט מענשליכע שטימען צוטראָגען זיך איבערן ביהנע). די תורה איז די קרוין פון די גייסטיגע אָטאָמען — — די תורה איז די קרוין פון די גייסטיגע אָטאָמען! ............

——oo——

**שלוס-פאָהראַנג פאַלט לאַנגזאַם.**



PLAYS BY

BERTHA WIERNIK

* * * *

THE AKARAH

THE CONVERTED LAWYER

THE DIVINE COMPROMISE (Kessler's Theatre)

THE ETERNAL ACCUSATION. (Irving Theatre)

MRS. PEDDLER (Benefit show for the Red Cross)

MONIS (Hecksher Theatre)

NOMEK

NOT YET, Etc., Etc.

# *Spiritual Atoms*

## A RELIGIOUS DRAMA

in Eight Scenes

By

*Bertha Wiernik*

* * *

SECOND EDITION

PRICE 75 Cents

Address Your Order To
ISAAC GREENBLATT
P. O. BOX No. STATION B
NEW YORK 2, N. Y.

1946

# *Spiritual Atoms*

## A RELIGIOUS DRAMA

in Eight Scenes

By

*Bertha Wiernik*

* * *

SECOND EDITION

PRICE 75 Cents

Address Your Order To
ISAAC GREENBLATT
P. O. BOX No. STATION B
NEW YORK 2, N. Y.

